# סאַם ליפּצין

(קוועקזילבער)




אַרויסגעגעבן פון

**אַמאַלגאַמייטעד בראַנטש 82**

אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן

ניו־יאָרק, 1940

פאַרלאַג „רויטע פעדים"

אַ מאַטאָנע מײַן טײַערע מאַמע ראָכל, —

צו איר 75־טן געבורט־טאָג

---

פריער דערשינען פון זעלבן מעכאבער:

איך לאַך פון דער וועלט
אַף לײטיש געלעכטער
מיט געזאַנג אין קאַמף
געקעמפט און געלאַכט
לעבעדיק און לוסטיק
פאַר רויטע אָוונטן
רויטע פעפערלעך
ניטגעדאַיגעט
לאָמיר זינגען
קאַמפלוסטיק
גוט־מאָרגן
אַ פרײלעכס

---

# A GUT-YONTEW



הויפט־פאַרקויף: „פרייהייט בוך־געשעפט“, 50 א. 13טע גאַס, נ. י.
אין בוך־געשעפט פון איט. ארבעטער אָרדן, 80 - 5טע עוו., נ. י.

# א גוט־יאָנטעוו . . .

געווידמעט די באַפרייאונג פון מיין שטעטל ליפסק,
וועלכע איז איצט סאָוועטיש

א גוט־יאַנטעוו, א גוט־יאָנטעוו, א גוט־יאָנטעוו אונז אַלעמען.

וואָס פיל איך זיך אזוי יאָנטעוודיק? טאָ גיט א קוק, הערט, זעט, ווי ס׳איז פון וואָכעדיקייט א יאָנטעוו געוואָרן.

זאָלן פרומע זאָגן — ס׳איז א גאָט־זאַך, זאָלן אבערגלויבערישע דיינקען, ס׳איז א כישעף געשען.

פון נאכט איז טאָג געוואָרן, א ליכטיקע זון האָט די וואָלקנס פאַרטריבן — אין דעם פינצטערן פוילן האָבן מיליאָנען אידן, אוק־ראינער און וויים־רוסן פרייהייט געקראָגן!

עס איז געקומען דער מאַן, אָט־דער — מיט דעם האמער אין איין האנט, א סערפ — אין דער צווייטער און האָט אונז יאָנטעוו געמאַכט. פון מיין געלער לאָטע — איז א רויטע בלום געוואָרן; פון מיין שווארצן ברויט — איז כאַלע געוואָרן; דאָס וואסער — איז מילך־וויים געוואָרן; שטומע — רעדן; געפאַלענע — טאַנצן. די אידישע באָרד — פלאַטערט אין דער ברייט, די אידישע נאָז — פּאָראוים. מהערט שוין מער ניט קיין יודע, מהערט שוין מער ניט קיין זשיד, נאָר מענטש, איד, — צוגלייך מיט אַלע פעלקער, צוגלייך מיט אַלע מענטשן.

מיר יאָנטעוון, א גוט־יאָנטעוו דיר, א גוט־יאָנטעוו מיר, א גוט־יאָנטעוו אונז אַלעמען.

אין 1917 איז מיין קליין שטעטעלע ליפּסק שוין שיער א באַ־פרייטע געוואָרן, האָבן די וויים־גוואַרדייער א דריי־געמאַן דאָס פינ־צטערע רעדל און עס איז אריינגעפאַלן צו די שווארצע פּאַנעס. און זייט דאַן — האָט מען אונז ברוין און בלאָ געמאַכט...

וואָס, איר האָט ניט געהערט פון מיין שטעטל ליפּסק? טאָקע דאָס פאַרדריסט מיך. ווען די פּאַנעס האָבן געבראָכן שויבן, גע־שפּאָלטן קעפּ, געריסן קישנס און בערד, האָט קיינער ניט געהערט און ניט געשריבן, און איצט — אז מיין שטעטל איז פריי — ביי די רויטע און מ׳טיילט שטיקער ערד צו די אָרימע — ווי כאַלאָקים טאָרט

אויף אַ רייכער כאַסענע; מ'זינגט און מ'טאַנצט אין די גאַסן — איז ווידער שאַ שטיל; מ'דערמאַנט די גובערניע, דעם אויעזד, אָבער דאָס מעסטעטשקעלע ליפּסק — דערמאַנט מען נים.

איז — זינג איך איצט, רוף איך איצט, גוט יאָנטעוו אייך! זאָל די גאַנצע וועלט הערן, זאָלן אַלע וויסן: מיין שטעטעלע איז פריי, מיין שטעטלע איז רויט, מיר זיינען מענטשן געוואָרן!

איר געדיינקט בערטשיק דעם פּראַצענטניק, דעם נאַגיד פון שטאָט? ווען ער האָט אָפּגענאַרט אַ פּויער, האָבן די אומוויסנדיקע פּויערים זיך ארויסגעלאָזט איבערן שטאָט שלאָגן אידן און ברעכן זייערע שויבן און רייסן זייערע קישנס.

אַף מאָרגן, האָט בערטשיק פאַרקויפט גלאָז פאַר די פענצטער און ליווונט פאַר ציכן. בערטשיק איז רייכער געוואָרן, די אָרימע — אָרימער געוואָרן.

און וואָיטקען, דעם פּאַן, געדיינקט איר? ווען ער האָט זיך אָנגעשיקערט, האָט ער נאָר ליב געהאַט צו שפּילן מיט בערטשיקן אין קאָרטן און ברעכן אין שול די פענצטער.

און וועגן מוישע אָרענען, דעם שניידער, קאָנט איר זיך דערמאָנען? געווען אַן אָרנטלעכער מענטש, זיין שיטער בערדל האָט איידעם געזאָגט, אַז די פּאַנעס און נאַטשאַלסטווע האָבן זיך אָפּט אָפּגעשטעלט אַף יעדער האָר און זיי געריסן ביז בלוט. ער איז יונג פון דער וועלט אַוועק, ווייל ס'איז ניט געווען אַף קיין דאָקטאָר און אַף קיין מעדיצין.

מוישע אָרן איז מיין טאַטע, אין בייסאַמעדרעש איז ער געשטאַנען הינטערן באַלעמער, מיט אַלע שניידערוקעס און שוסטער־יונגען. ביי בערטשיקן אין קראָם, האָט זיך אָבער מיין טאַטנס נאָמען אָנגעזעען . . . פאַרטרונקען געווען אין כויוועס איבערן קאָפּ.

און מיין מאַמע, די האָרעפּאַשנע אידענע, איר קאָנט זי ניט? זי מוז איצט געווים, אַפילע מיט אירע קראַנקע פיס, טאַנצן פון פרייד.

מיר האָבן געהאַט איין קיעלע, אַ דאַרס, האָבן מיר זיך געטיילט מיט איר מיט אונזער ביסל קאַרטאָפלעס. איך פלעג זי אַלע טאָג טרייבן אין פעלד און די מאַמע — פלעגט זי אַלע טאָג מעלקן, נאָר דאָס ביסל מילך, האָט מען געמוזט פאַרקויפן צום רייכן הערצקען. און מיין אָרימע מאַמע האָט נאָך געמוזט אָפּרייסן אַביסל מילך פון

איר שוואך אייפעלע און פארדינגען אירע איינגעפאלענע ברוסטן צו געבן זייגן דעם רייכן בורשטינס איניקל.

אין מיין שטעטעלע, האָבן די פאנעס פארבאָטן שכיטע פאר אידן, און אידן — געקוילעט ווי שאָף. די אָרימע האָבן געזויט, גע־שניטן און די רייכע — האָבן געגעסן. די אָרימע האָבן געבויט פאַ־לאַצן און די פאנעס — האָבן געהולטאַיעוועט. פאר זיי, פאר די רייכע — זיינען אלע טירן געווען אָפן, פאר אונז — אלץ פאר־שטעלט און פארהיט — דורך הינט און זשאַנדארמסקע.

איצט איז מיין מישפּאָכע אריין אין איכעס, איין קליינינקייט, מוישע ארנס קינדער זיינען פּראָלעטאריער בניי פּראָלעטאריער. מוישע ארן דעם שניידערס טעכטער פארמאָגן איצט אזא גרויסן נאדן, א מעלוכע, א מעלוכע, וואו דער ארבעטער איז איצט באלעבאָס! און זיי — גאַנצע באַס־מאַלקעס!

זאָגט אליין, דאַרף איך זיך ניט פילן יאָנטעוודיק?

איצט, קיין פאן און קיין באלעבאס, קיין וואָרט זשיד און קיין פּאָגראָמשטשיק. דערפאר, דאכט זיך מיר, זינגט איצט פרייער דאָס פויגעלע, קרייעט איצט שטארקער דער האָן, מאכט אפילע דער שטו־מער פיש מיטן מוילעכל — זאָל לעבן די פרייהייט!

אי, אי, אי, ווי גרויס דער יאָנטעוו איז, ווי גרויס די פרייד, מיין הארץ קלאפט צום טאקט מיט דעם טראָט פון די באפרייטע פון די פוילישע טורמעס, מיינע פיס הויבן זיך צוזאמען מיטן אויפמארש פון די אלע ביז איצט געפייניקטע און געמאָרעטע. איין גרויסער טאנץ איז איצט, איין גרויסער קאראהאד, איין גרויסער גוטיאָנטעוו.

א גוט־יאָנטעוו דיר, א גוט־יאָנטעוו מיר,
א גוט־יאָנטעוו פאר אונז אלע.
פון רוסלאנד קומט דער כאָסן —
פון פוילן — איז די קאלע!
א פּאָרל ווי געוואונטשן,
נאָר אָף לאנגע יאָרן,
און טאַטע, נאָר איינגיכן —
נאָך א „פינפטלינג" זאָל געבאָרן!...

# אין טאטנס טאטן אריין . . .

. . . איך זאָלט אַזוי האָבן אייער נאַרישקייט, ווי מיר ווילט זיך שעלטן, און מיינט איר, אַז דאָס שעלטן העלפט כאָטש עפּעס ? מייַנע און אייערע סאָנים זאָלן אַזוי געהאָלפן ווערן. נאָר גאָר ניט, קיין קויעך האָב איך ניט, קיין געוועהר האַלטן קאָן איך ניט, קומט אויס ניט אַנדערש ווי גיין זיך מיט יעדן איינעם מישפּעטן. און פון אַ מישפּעט קומט מען דען אַרויס מיט גערעכטיקייט ? אַזאַ גערעכטי־קייט ווי מ'קאָן קריגן היינטיקן צייטן, זאָלן אַלע אַנטיסעמיטן דאָס קריגן, פריער אַף דער וועלט — דערנאָך אַף יענער וועלט. איז די גרינגסטע זאַך פאַר מיר צו זאָגן — אַ רועך אין דיין טאַטנס טאַטן אריין, און פאַטער אַן אייסעק.

אַנומעלטן טרעף איך זיך אָן אין דער טריין אַף אַן אַנטי־סעמיט. איך האַלט מיר מיין אידישע צייטונג, און ער — זיינע אַ צייטונג. זיצט ער און בורטשעט, בורטשעט, ביז — ער שיסט אַרויס:

— איבעראַל אידן, גאָטס־פאַרדאַמטע אידן, נאָר זיי לייענען אידיש.

זאָג איך אים: איך קאָן לייענען וואָס איך וויל, נאָר פונדעסט־וועגן בין איך גרייט זיך צו וועטן מיט דיר, אַז איך קאָן דיין צייַ־טונג יאָ לייענען און דו מיינע — ניט. פאַנגט ער מיך אָן צו באַ־ליידיקן און הויבט אַ האַנט צו מיר:

— איר פאַרדאַמטע אידן, איר וועט נאָך זען, אַז דאָ אין אַמע־ריקע וועט זיין אַ פאַשיסט אַפן שטול אין ווייסן הויז און אַ סוואַס־טיקאַ וועט הייגגען אַף יעדן סלופּ אין וואַשינגטאָן.

זאָג איך, פאַרקערט — מיר אַרט ניט.

— וואָס הייסט ? — קוקט ער מיך אָן מיט זיינע גאַנייוועשע אויגן.

זאָג איך אים נאָכאַמאָל, כ'מיין, פאַרקערט — אַרט מיך ניט, אַ סוואַסטיקאַ אויף דעם זיץ־פּלאַץ און אַ פאַשיסט זאָל הייגגען אַף יעדן סלופּ.

וואָס זאָל איך אייך זאָגן, דער „ריינער אַריער" האָט געוויזן,

אז ער איז אַ שמוציקע כאַיע, ער האָט אַ כאַפּ געטאָן מיין צייטונג און זי צעריסן.

זאָג איך אייך, ווען איך האָב ניט מיינע זעקס שניטן, וואָס אפילו אים, דעם אַנטיסעמיט, האָב איך געוואונטשן בלויז צוויי אַף דערווייל, וואָלט איך, זאָג איך אייך, ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן, אים געגעבן, אַז ער וואָלט מיר געהאַט צו געדיינקען. עס וואָלט אַ רועך אין זיין טאַטנס־טאַטן אריין.

נו, בין איך דאָך אַ שוואַך מענטשל מיט אַ פּוכקע לעוואָוועס, וועל איך זיך גיין שלאָגן מיט אַזאַ פערד? וואָס מיינט איר האָב איך געטאָן? איך האָב אים אָנגעקוקט און געטראַכט: אָט אַזוי אַלע מאָל זאָלסטו ברענען און בראָטן, ווען דו וועסט נאָר זען אַ אידן... און אַז איך בין שוין אַרונטער פון דער טריין, האָב איך אים ווידער צוגעוואונטשן, אַז ווען ער וועט נאָר זען אַ אידן מיט אַ אידישער צייטונג, זאָל אים אַזוי נעמען שווינדלען פאַר די אויגן, אַז די ווערטער זאָלן פאַר אים טאַנצן ווי נאָטן...

וואָס, זאָגט איר, שעלטן איז ניט קיין מיטל? גלויבט מיר, אַז איך וויים דאָס. שעלטן איז אַזוי נאַריש ווי שרייען אַף די ציין. עס העלפט דען עפּעס? נאָר פונדעסטוועגן וועט זיך קיינער ניט לאָזן רייסן אַ צאָן אָן אַ געשריי צו טאָן...

איך האָב דאָס טאַקע אַנומעלט געזאָגט מיין מאַמען:

— וואָס טויג דיר, זאָג איך, דאָס שעלטן די אַנטיסעמיטן, דיינע קלאָלעס וועלן דען עפּעס העלפן?

זאָגט זי מיר — וואָס אַרט דיך, מיש זיך ניט אין מיינע ביזנעס. ווען איך האָב געזאָגט מיין ערשטן מאַן, איך וועל דיך איבערלעבן, פלעגט ער לאַכן: אַ פרוי רעדט און אַ טיר סקריפּעט איז די זעלביקע זאַך. נו, פרעגט זי, וואָס איז געוועזן דער סאָף? און אַז איך האָב געזאָגט מיין צווייטן מאַן, זאָגט זי, אַז ער וועט ליגן אין דר'ערד פריער פאַרן דריטן, און דער דריטער פאַרן פערטן, איז ניט אויסגעקומען אַף מיינע רייד? מיש זיך ניט, זאָגט זי, לאָז דאָס איבער צו מיר...

אָט אַזוי, ווי איר זעט, איז אַ קלאָלע אַזוי ווי אַ פּעטענט־מעדעצין — העלפן, העלפט דאָס טאַקע ניט, אָבער אַ טאַם אין דעם איז פאַראַן.

צום ביישפּיל, ווען דער לענדלאָרד נעמט אייך סטראַשען מיט

אַרויסשטעלן אין גאַס, און ווען איר קאָנט אים גאָרניט טאָן, כאָטש אַ זאָג־טאָן, אַז שטעלן זאָל מען אים באַנקעס מיט טיי־גלעזער — וואָלט איך ניט צוגעקומען אַ שטיק געזונט? און אַז דער באָס נעמט רעדן פון שנײַדן מײַנע מאַגערע ווײַדזשעס, און איך טראַכט, אַז שנײַדן זאָל מען אים די אָדערן און מאַכן סטרונעס, אָדער שנײַדן זאָל מען אים די הויט און מאַכן פּאָדעשוועס, זאָג איך אײַך, פון דעם טראַכטן אַליין קומט מיר שוין צו אַ שטיק געזונט.

אַנומעלטן טרעף איך אָן מײַנעם אַ לאַנדסמאַן, גיב איך אים אַ פרעג איין וואָרט — וואָס־מאַכט־איר־עפּעס? נו, וואָס, פרעגט איר, האָט ער מיר אָן ענטפער געטאָן? מײַן געלט — אױף ראַקעפעלערן, מײַן רומאַטיזם — אױף פאָרדן, מײַנע ציין — אױף קאָגלינען, מײַן אַסטמע — אױף אַלע רעאַקציאָנערן און מײַן האַרץ — אױף אַלע איצטיקע האָמענס.

פאַרוואָס, זאָגט איר, קומט די האָמענס אַ אידישע האַרץ?

עס מאַכט ניט — זאָגט ער טויט ערנסט — דער דאָקטאָר האָט מיר געזאָגט, אַז פון מײַנע צאָרעס, קאָן עס אַזוי פּלאַצן צו יעדער צייט...

און, אַז ער האָט שוין אַזוי אַלעמען אָנגעווינטשן, פרעג איך אים, צי ער פילט אַביסל גרינגער? זאָגט ער מיר אַזוי:

— קיין יערושעס, האָב איך ניט פאַר זיי, וויל איך זיי כאָטש געבן גוטע וואונטשן, און, אַז איך ווינטש עמיצן איז דאָס מיטן גאַנצן האַרצן . . . און מיט דער פולער האַנט . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — —

גערעכט זײַנט איר. אַ סאַך מאָל טראַכט איך, אַז די מינדעסטע זאַך צו טאָן קענען אַ מאַכע, איז אַלץ בעסער, ווי דער בעסטער שפּרוך און די גרעסטע קלאָלע. נאָר גיי טו מאַך, אַז איך בין שוין אָן אַלט־געבאַקן ברויטל — שווער צום שנײַדן און האַרט צום קײַען... אַי, ווען איך האָב מיר אָבער איצט מײַנע אַלע באַק־ציינער, געשאָלטן וואָלט איך? עס וואָלט אַ רועך אין זייער טאַטנס־טאַטנס־טאַטנס־טאַטן אַרײַן!...

# קוני לעמל און קאַמפּאַני

ווען די צוויי אַנטיסעמיטן, קוני און לעמל, זיינען אָנגעקומען אין שטאָט און ארונטער פון דער באַן, האָבן זיי זיך באַלד גענומען אויסארבעטן פּלענער פאַר זייער פּראָפּאַגאַנדע.

— ערשטנס — האָט קוני דערקלערט — מוזן מיר וויסן, וויפיל אידן עס געפינען זיך דאָ אין שטאָט, מיר מוזן קריגן אַ טעלעפאָן־בוך, די נעמען וועלן אונז אַלץ דערציילן.

הער לעמל האָט געבראַכט אַ טעלעפאָן־בוך.

הער קוני האָט פאָרזיכטיק גענומען מישן בלאַט נאָך בלאַט, ביז ער האָט מיט כעס אַ וואָרף געטאָן דאָס בוך אויפן דיל:

— צום טייפל, קיין איין אידישער נאָמען ניטאָ, זאָל דאָס מענ־לעך זיין, אַז זיי האָבן דאָ אָפּגעטאָן זייערע אידישע פוילע שטיק, גע־ביטן די נעמען אָדער זיך גאָר אַסימילירט?

לעמל האָט זיך אַ דריי געטאָן מיט איין האַנט אַ וואָנצע און מיט דער צווייטער אַ וויש געטאָן זיך דעם פּליך:

— הער קוני, איך האָב אַ פּלאַן, לאָמיר אַדוועטייזן אין די צייטונגען, אַז מיר דאַרפן האָבן אידן, און זיי וועלן אַליין קומען צו אונז.

— טפו, דו נאַרישער קערל — האָט קוני אויף אים זיך צע־שריען, — מיר מוזן ארבעטן פּערזענלעך, קומסטו און דו ווילסט ארויסגעבן די אידן אונזער מיסיע... אָבער זיצן מיט פאַרלייגטע הענט קאָנען מיר אויך ניט. מיר מוזן דאָ געפינען די אידן! לאָמיר זיך ארויסלאָזן איבער די גאַסן, זוכן, אין די קראָמען, אויף די שילדען, מיר מוזן געפינען עטלעכע אידן.

ביידע האָבן שפּאַצירט פון קראָם צו קראָם, פון שיינק צו שיינק, געקוקט אין די פּנים׳ער, אויף די שילדן, אָבער אָן דערפאָלג.

אין איין שיינק, זיצנדיק ביי אַ קריגל ביר, טוט קוני אַ פרעג איינעם פון די באַטרונקענע ארום טיש:

— זאָג מיר, דו קערל, וואו קאָן מען דאָ קריגן אַ אידן?

— אידן? — האָט דער באַטרונקענער איבערגעפרעגט — אידן? וואָס איז דאָס פאַר אַ זאַך, צום טרינקען, אָדער צום עסן?....

— ס'איז אזא מעדיצין — האָט שוין קוני געשפּאַסט פונם באַטרונקענעם — מיר דאַרפן דאָס האָבן צו אונזערע אַ קריינק.

עס האָט זיך אַריינגעמישט אַ צווייטער אַרום טיש׳ל און זיך אָפּגערופן:

— אַ אידן דאַרפט איר? אַ אידן?

— יאָ, יאָ, — האָט קוני, זיך נעענטער צוגערוקט צו אים — אַ אידן דאַרף איך, אויב ס'איז פאַראַן אַזאַך, איז נאָך בעסער.

קוני האָט אים אָנגענומען פאַר אַ אידן. זיינע אויגן האָבן זיך צעבליצט, פאַר אים איז שוין געשטאַנען אַ בילד, ווי אַזוי ער וועט דאָס באַשרייבן אין זיין צייטונג, ווי אַזוי ער האָט געטראָפן אַ אידן אין שיינק, וועלכער האָט געטרונקען וויין געמישט מיט בלוט, ווי אַזוי דער איד, האָט אים דערציילט פונוואַנען ער מאַכט געלט, ווי אַזוי דער איד איז אַ באָלשעוויק, און אַ קאַפּיטאַליסט... זיין פאַנטאַזיע האָט זיך צעשפּילט.

דער באַטרונקענער האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש:

— איז ווי אַזוי זעט אויס אַ איד? וואָס איז דאָס פאַר אַ באַשעפעניש?

— אַ איד — האָט לעמל אים גענומען דערקלערן — איז אַ מענטש, ווי אַלע מענטשן, נאָר — מ'מוז אים מאַכן פאַר אויס מענטש, ווייל — פאַרשטייסט?

— גוט! — האָט דער שיקערער אויסגערופן — גיב מיר נאָך אַ ביר וועל איך ווערן אויס מענטש, ווייל אַנאַנדער מענטש בין איך שוין.

הער קוני האָט זיך מיט קאָס אַ הויב געטאָן:

— קום, לעמל, מיר מוזן זען, פונוואַנען אָנצופאַנגען אונזער אַרבעט.

— איך האָב אַ גוטן איינפאַל — האָט לעמל זיך אַ פּאַטש געטאָן איבערן פליך — לאָמיר בעטן אונזער „פירער“, ער זאָל אונז דאָ אַריינשיקן אַביסל אידן פון די פּלעצער וואו מ'האַלט זיי אין אַרויסשיקן, וועלן מיר זיך גלייך קאָנען נעמען צו דער אַרבעט.

— דו ביסט אַ דומער קערל — האָט קוני אים אַ ריס געטאָן פאַר אַ וואָנצע — אויב דער „פירער“ וועט אונז דאַרפן צושטעלן די פאַרדאַמטע יודן, וועלן מיר דאָך אונזער באַלוינונג ניט קריגן...

קוני און לעמל זיינען שוין א היבש ביסל פארצווייפלט אוועק שלאָפן. אינמיטן נאכט האָט זיך קוני אויפגעכאַפּט און אויפגע־וועקט זיין פריינט לעמל:

— איך האָב א גאָלדענעם געדאַנק, לעמל. — קוני האָט זיך צוגעזעצט אויפן ראנד פונם בעט ביי לעמל׳ען און אים גענומען דערקלערן:

— איך האָב א גאָלדענעם איינפאַל, וואָס וועט אונז דער־הויבן צו דער העכסטער הויך.

לעמל, האָט אויסגעגלאָצט זיינע אויגן, זיך גענומען קראַצן אין פּליך:

— וואָס? וואָס אַזוינס, הער קוני?

הער קוני איז געווען אויסער זיך פון פרייד, ער האָט מיט באַגייסטערונג א כאַפּ געטאָן א בלייפעדער, גענומען דערקלערן און פאַרצייכענען:

— איך, וועל דאָ אין שטאָט עפענען א צייטונג, וואָס וועט דינען פאַר די אַריער, און דו — דו וועסט זיין... א איד און עפענען א אידיש געשעפט.

— אָבער איך בין דאָך א ריינער אריער, — האָט לעמל גע־נומען ארגומענטירן — ווי אַזוי וועט מען מיר קאָנען אָננעמען פאַר א אידן?

— דאָס מאַכט ניט — האָט קוני אים באַרואיקט — צו דיינע וואָנצעס וועסטו זיך לאָזן וואקסן א באָרד, אויף דיין פּליך, וועסטו זאָגן, זיינען געוואָקסן אידישע האָר... און דו וועסט זיין א איד...

— נו, מיילע, — האָט לעמל צוגעשטימט — פאַר מיין פליכט, בין איך גרייט צו זיין אפילו א איד.

— איז איצט הער — האָט קוני פאַרגעזעצט זיין פּלאַן. מיר וועלן עפענען, ס׳הייסט, דו וועסט עפענען א אידישע קראָם און נע־מען שניידן די פּרייזן, — קאָנקורירן מיט די אַנדערע גע־שעפטן אין שטאָט, פאַרשטייסט? — האָט קוני זיך געגלעט איבער דער קעשענע — ערשטנס, וועלן מיר טאָן געשעפט און מאַכן געלט פון דער קראָם. און די הויפּטזאַך: אין מיין צייטונג און אויף דער ראַדיאָ, וועל איך קאָנען זאָגן אַלע טאָג, אז אידן האָבן פאַר־פלייצט די שטאָט, שניידן פּרייזן און ווילן רואינירן אַלע קרעמער. איך וועל מאַכן די גרעסטע קעפּ: „איד — איז געלט, איד — איז

קאָנקורענץ, איך — איז רעוואָלוציע"... פאַרשטייסט? פריער וועל איך אָרגאַניזירן אין מיין ציישונג די קרעמער קעגן דיר — יודע... דערנאָך וועל איך קומען אויף דער ראַדיאָ און זאָגן, אַז דו יודע גיסט ניט קיין מאָס און קיין וואָג, דו ביסט אַ שווינדלער, פאַר־שטייסט? דאַן, וועלן זיך די מאַסן אַ נעם טאָן צו דיר, מ'וועט שרייען: „דו פאַרדאַמטער יודע! און אַלע וועלן זיך אָרגאַניזירן קעגן די גאָט פאַרפלוכטע יודן...

לעמל האָט אַזוי גיך ניט געקאָנט באַנעמען און גענומען שטאַמ־לען:

—אָבער דאַן — — — ?

— דאַן — האָט קוני זיך געגלעט איבערן בייכל — וועלן מיר דערווייל פאַרשפּרייטן אונזער ראַסן־טעאָריע, אונזער פּראָגראַם און אַזוי אַרום וועלן מיר אַריינקריגן דאָס פאָלק און ווערן דערהויבן.

אין עטלעכע טעג אַרום איז שוין איבערן שטאָט געווען פאַר־שפּרייט צוויי פּלאַקאַטן: איינע אין ברוינע פאַרב ווענן אַן אַנטיסע־מיטישע ציישונג; אַ צווייטע: אין בלויע פאַרב, ווען אַ אידישן דעפּאַרטמענט סטאָר.

דער „אידישער געשעפטסמאַן" האָט געלאָזט וויסן, אַז ער וועט פאַרטרייבן אַלע קרעמער און קרעמלעך פון שטאָט. די נאַצי־ציישונג ווידער האָט געשריען, אַז זי וועט פאַרטרייבן אַלע אידן, וואָס האָבן זיך אַריינגעקליבן אין שטאָט צו רואינירן אַלע בירגער.

קוני האָט אַלע טאָג געדרוקט בילדער אין זיין בלאַט, ווי טויזנ־טער מענטשן שטייען אין לאַין צו קויפן ביי דעם יודע אין קראָם נעגאַנוועטע סכוירע, און דערציילט, אַז די אידן קלייבן זיך צו עפע־נען אַזעלכע געשעפטן אויף יעדער גאַס. אין דער זעלבער צייט האָט קוני גערופן צו פאַרניכטן דאָס אָרגאַניזירטע יודנטום, וואָס באַרויבט די באַפעלקערונג...

איין פרימאָרגן, ווען לעמל האָט געטראָפן צעקלאַפּטע פענצ־טער אין זיין געשעפט, איז ער געקומען צולויפן מיט אַ קלאָג צום הער קוני.

— ס'איז גוט — האָט קוני זיך געפרייט, — דאָס באַווייזט, אַז מיין פּלאַן אַהבעט אויסגעצייכנט, עס איז שוין פאַראַן אַ באַוועגונג, וואָס קען ברעכן פענצטער... פיין!

קוני האָט נאָך שטאַרקער גענומען קלאַפּן טרעוואָגע דורך דער

צייטונג, דורך דער ראַדיאָ, צו געווינען דאָס פאָלק קעגן די אידן, וואָס גיבן ניט קיין וואָג און קיין מאָס... און רואינירן די גאַנצע שטאָט.

איין אָוונט איז לעמעל אַריינגעפאַלן אין קוניס געהיימען קוואַר־טיר, קוים אַ לעבעדיקער:

— געוואַלד — האָט ער זיך געהאַלטן ביי די זייטן — ס'איז דאָך אַ לעבנס־געפאַר צו זיין אַ יודע... מ'איז מיר דאָך באַפאַלן, גע־שלאָגן און די באָרד געריסן, — האָט ער געקרעכצט.

— פיין, וואונדערבאַר — האָט קוני געקוואָלן — דאָס באַ־וויזט, אַז די מאַסן זיינען שוין פולשטענדיק מיט אונז...

— אָבער זע — האָט לעמעל געוויזן די שינאַקעס אויף זיינע זייטן — אַ נו, פּרוביר דו, זיי דו עטלעכע טעג אַ יודע, פאַרוואָס אַלץ איך?

— ס'מאַכט ניט — האָט אים קוני געטרייסט — פאַר אַזאַ אי־דעאַל מוז מען ליידן, און פאַרשטייסט ברודערל, אונזער „פירער" וועט אונז דערהויבן פאַר דער הייליקער מיסיע...

איינמאָל אין אַ מיטן־נאַכט האָט אַ באַנדע אויפגעהעצטע בירגער באַשלאָסן צו קידנעפּן דעם יודע און אים אָנלערנען.

מ'האָט געפּאַקט לעמלען אין קראָם, געבונדן הענט און פיס, און אים גענומען פירן הינטערן שטאָט.

ווען הער לעמעל האָט דערזען, אַז די שפּיל איז פאַר טייוול, און דאָ פרעגט מען אים, וויפיל אידן עס זיינען נאָך פאַראַן אין שטאָט? האָט ער גענומען שטאַמלען: ברייננגט אַהער הער קונין, פון דער נאַצי־צייטונג, ער וועט אייך אַלץ דערציילן, האָט ער גענומען שרייען מיט זיינע לעצטע קויכעס: — איך בין ניט קיין יודע, איך בין אַ ריינער אַריער!

— וואָס? — האָבן אַלע אויסגעשריען צעטומלט, שטייענדיק גרייט צו צוריסן אים. עטלעכע פון זיי זיינען געלאָפן און געבראַכט דעם הער קוני. אָבער ער האָט פאַרגעזעצט זיין שפּיל:

— ער איז ניט קיין אַריער, נאָר אַ יודע איז ער — האָט קוני געשריען אויף זיין פריינט לעמלען.

לעמעל האָט פאַרצווייפלט געוואַלדעוועט:

— ראַטעווע מיך, ברודער; איך בין דאָך אַ ריינער אַריער, דו האָסט דאָך מיר געהייסן זיין אַ יודע צוליב אונזער מיסיע!...

קוני האָט זיך בייז צעשריען:

— אָט דאָס איז אַ יודע, צו ראַטעווען זיך פון טויט איז ער גרייט זיך אָפּצואָווארפן פון זיין אידישן שטאָם...

לעמעל האָט פאַרצווייפלט געשריען:

— אָבער ברודער מיינער, ווי דערלאָזטו מיר, דיין שותף, צו ווערן אומגעבראַכט? דו ווערסט דאָך זיין אַ ברודער־מערדער!

הער לעמעל האָט זיי גענומען דערציילן די גאַנצע געשיכטע, ווי ער מיט קונין זיינען געקומען אין שטאָט און וואָס זיי האָבן געטאָן.

דער אויפגערייצטער אוילעם אַרום האָט זיך צוטיילט אין צוויי לאַגערן, אין דער צייט, וואָס קונים פריינט האָבן געריסן די קליי־דער פון לעמלען אויף שטיקלעך פאַר מאַטאַנעס האָבן לעמעלס פריינט געריסן שטיקלעך קליידער פון קונין.

ווען ביידע זיינען געבליבן שטיין מוטער־נאַקעט איז דער אוילעם פלוצלונג איבערצייגט געוואָרן.. אַז ביידע זיינען די ריכטיקע אַנטיסעמיטן און זיי קומט אַ גלייכער פּסק!

פון יענער נאַכט האָבן קוני און לעמעל, ניט געזוכט מער קיין אידן — הויזן האָבן זיי געזוכט, הויזן!... ווייל אָפּגעשמיסענע און נאַקעטע האָט מען זיי אַרויסגעטריבן פון שטאָט!

# מ׳קאָן די וועלט ניט אויסגלייכן!

(אַ מאָנאָלאָג פון אַ באָס)

מ׳קאָן ניט אויסגלייכן אַ וועלט. ס׳איז פאַרפאַלן. גאָט האָט אַזוי געמאַכט, מיסטאָמע דאַרף אַזוי זיין.

אָט, צום ביישפּיל, האָב איך ליב „פרענטש-פראַיד פּאָטעיטאָס“, אַזוי ווי געהאַקטע לעבער. און איר? — איר האָט דאָס אויך ליב? וועלן מיר נעמען אַן אַנדער פאַרגלייך: איך האָב ליב צו פאָרן מיט מיין מאַשין, דאָס פענצטער צעעפנט, און — וואָס? איר האָט דאָס אויך ליב? זע נאָר ווי איס ווילט זיך אַלץ וואָס מיר... די וועלט קאָן ניט זיין גלייך און מ׳דאַרף ניט וועלן פּונקט דאָס, וואָס יענער האָט. איינער האָט שיך מיט קאַלאָשן, אַ צווייטער — הינער־אויגן, איז וואָס גאָט גיט, דאָס האָט מען!

אָט, לעמאָשל, נעם איך אַרונטער ביי מיינע אַרבעטער אַ האַלבע פּעני. וואָס איז אַ האַלבע פּעני? קענט איר געבן אַ האַלבע פּעני, אַן אָרימאַן? ניין, אַ האַלבע פּעני איז גאָרנישט. ביי מיר אָבער אַ האַלבע פּעני — איר האָט אַ באַגריף וואָס דאָס מיינט?

איך האָב פיר הונדערט שטיק־אַרבעטער. אַ האַלבע פּעני פון אַ דאָזן, יעדער אַרבעטער מאַכט צוואַנציג דאָזן אַ טאָג, דאָס איז 10 סענט, פון איינעם, פיר הונדערט 10 סענטיקע אַ טאָג, איז 40 דאָלאַר, אויף דער וואָך באַטרעפט דאָס אַזוי גרויס? פלאָרענס! פלאָרענס! גיב נאָר אַ באַרעכן וויפיל ס׳וועט באַטרעפן די סומע פון דער רעדאָקשאָן, וואָס איך גיי מאַכן?

יאָ, יאָ, איר זיינט ניט קיין ביזנעסמאַן קאָנט איר דאָס ניט באַרעכענען, אין ביזנעס רעכנט זיך אַלץ, דאַכט זיך איין קליינינקייט, איך וויל אַז די וואָך־הענט זאָלן אַרבעטן נאָך 15 מינוט. וואָס איז 15 מינוט? אָט גיט זיך אַ שטעל אָפּ די סאָבוועי און מ׳זיצט 15 מינוט און 20, וועט עמיצן איינפאַלן צו בעטן ביי דער באַן־קאָמפּאַני דערפאַר באַצאָלט? ניין.

וואָס זאָגט איר? „טאַים איז מאָני?“ אָבער ווען איז דאָס געוואָרן, ווען כ׳האָב זעכציג וואָך־הענט, מ׳אַרבעט נאָך די 15 מינוט, זעכציג 15 מינוטיגע איז צוזאַמען 15 שאָ, 15 שאָ צו

צוויי און צוואנציג סענט. איז אזוי גרויס ווי — פלאָרענס! פלאָרענס! דו האָסט שוין צוזאמענגערעכנט דאָס פריערדיגע? וויפיל וועט באַטרעפן די 15 מינוטיקע פון די וואָך־הענט.

איר פאַרשטייט, אין ביזנעס, אַז מ'לעבט אָן חשבון, שטאַרבט מען, ווי מיין פאַרטנער זאָגט — אָן א באַנק־ביכל...

נאָכאַלעמען זיינט איר דאָך ניט קיין נאַר. איר אַרבעט דאָך שוין פאַר מיר אַרום צוועלף יאָר. ווי מיינט איר, איז דאָס ניט קיין כוצפּע פון אייער יוניאָן צו פאַרלאַנגען פון מיר עקסטרא פאַר אָווערטאַים? איר'ט דאָך אַליין צוגעבן, אַז ווען עס ס'קומט פאַרנאַכט האָט איר שוין קיין קויעך צו כאַפּן דעם אָטעם. פאַר די אויגן שווינדלט שוין, די אַרבעט האָט שוין קיין טאַאַם ניט, איז זאָל איך אייך נאָך צאָלן דערפאַר מער ווי אין דער פרי, ווען מ'אַרבעט מיט ביישעק, מיט קויעך, מיט אַפּעטיט?...

שאַט, איך האָב פאַר אייך א פּלאַן, לאָמיר אָפּשאַפן דעם אָווערטאַים, קומט אַריין מיט א צוויי שאָ פריער און פאַטער אָן אייסעק...

וועט די יוניאָן ניט צווינגען אייך צו מאָנען פאַר אָווערטאַים...

פאַרשטייט, ס'איז אָן אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט צו וועלן איבערמאַכן די וועלט, און מ'קאָן טאַקע ניט אַלעמען צופרידנשטעלן. וואָס דאַרפט איר מער, איך האָב ליב לעיקוואוד פאַרן ווינטער, אַז איך בין אין לעקיוואוד, זע איך דעם שאָפּ ווי דורך א שפּיגל און מ'קאָן טאַקע ניט לאָזן א שאָפּ אויף העפקער. איר געדיינקט דאָך פאַראַיאָרן, איך האָב נאָר געוואָלט נאָכגעבן מיין ווייב'ס מעשוגאַס און פאָרן מיט איר אין פלאָרידאַ, איז געוואָרן דער סיט־דאַון סטרייק. איר האָט דאָס אזוי געדאַרפט ווי איך קאָפּ־ווייטיק. איר ווייסט וואָס מיר האָט דאָס געקאָסט די געשיכטע? פלאָרענס, פלאָרענס! וויפיל האָט מיר געקאָסט דער סיט־דאַון סטרייק?...

אַנטקעגן דעם זאָג איך טאַקע, איך האָב ליב לעיקוואוד, מיין ווייב וועט ניט אָפּלאָזן פלאָרידאַ כאָטש שיס איר, האָט זיך פאַרליבט אין די הינט־רעיסעס, קאָן מען איר פון דעם ניט אָפּרייסן. האַלעוואַי, זאָג איך אייך, רעדט זי פון מיר אַזויפיל, וויפיל זי רעדט פון די הינט.

נו, מיינט איר, אַז איך דינג זיך מיט איר. פאַרפאַלן. איך ווייס, איך קאָן ניט איבערמאַכן די וועלט. מ'קאָן ניט אַלץ אויסגלייכן. א מאַן איז א מאַן, און א הונט — איז א הונט.

יאָ, איך זאָג דאָס אנטקעגן דעם, מ'דאַרף ניט זיין „סטאָבערן“, קיין אקשאָנים גלייך איך ניט. און ווערט מיר ניט קיין כּאָכעס. איר נעמט מיינע ווערטער און דרייט זיי איבער, איך זאָג, אַז אַ האַלבע פּעני איז גאָרניט און צוזאַמען איז דאָס אַ גרויסע סומע, פאַרשטייט איר מיר שוין אַזוי, און דרייט אויס פון מיינע ווערטער אַ גאַנצן קאַרל־מאַקעס. איין אַרבעטער קען גאָרניט טאָן, נאָר אַלע צוזאַמען איז דאָס — אַ גרויסע סומע... איז וואָס? ט'איר ווידער סטרייקן?

פּע, פּע, איר מעגט אייך שעמען. איך רעדט צו אייך ווי אַ מענטש, מיט יוישער, און איר? סטראַשעט מיר — מ'עט ווידער ניט אַרבעטן?

גיי גלייך אויס אַ וועלט, אַז מענטשן האָבן קיין סייכעל ניט! פּלאָרענס, פּלאָרענס! וויפיל וועט באַטרעפן, אויב איך זאָל נאָכגעבן די אַלע פאָדערונגען פון דער יוניאָן?

וואָס? איך זע שוין, פּאַראַיאָרן איז מיר אַרויס באָקום פּלאָרידאַ, דאָס יאָר גייט מיר שוין לעיקוואָוד אין דר'ערד אַריין. אָט גיי מיט אַזעלכע בעוורע און גלייך דאָס אויס אַ וועלט. מ'כאַפּט דיר בייִם האַלז און מ'רייסט דיר דעם ביסן פון מויל. איך וועל שוין אין לעיקוואָוד ניט פאָרן!

זאָג איך אייך, אויב איך וועל פון אייך קריגן אַפּאָפּלעקסיע, וועט איר ליגן טיף טייער אין דר'ערד אָן אַ באָס, דיינקט ניט, אַז יעדערער קאָן זיין אַ באָס. די בעוורע וועלכע האָבן אויסגעטראַכט די באַנען האָבן געמיינט, שוין, מ'דאַרף שוין מער ניט קיין פערד, אָבער אַ באַן איז אַ באַן און — אַ פערד איז אַ פערד! איר וועט זיך אָן באָסעס ניט באַגיין, נאַוסער!

# א הינטישע וועלט...

— איר האָט ניט קיין הונט? — פרעגט מיך א איד זיצנדיג אין פּאַרק.

— ניין —זאָג איך — פאַר מיר איז גענוג אז ס׳לויפן מיר נאָך מיינע באַלע כוויועס און דער לענדלאָרד.

— אזוי — זאָגט ער און רוקט זיך צו נעענטער צו מיר — וועל איך כאָטש מיט אייך טאַקע קאָנען אויסריידן א וואָרט. איך זאָג אייך, עס איז איצט געוואָרן א הינטישע וועלט. אַלע האָדעווען הינט און אַלע שרייען: „היט אייך — א הונט גייט!"...

— —איר הערט — טוט דער איד אויס זיין רעקל און נעמט עס אויפן האַנט — געמיינט האָב איך, אז איך וועל פּאַטער ווערן פון די בראָנקס און זיך אריינקלייבן אין בראָנזוויל וועל איך אויך פּאָטער ווערן פון די הינט. לאָזט זיך אויס, אז עס איז איצט געוואָרן אזא מין מאָדע: מען האָדעוועט הינט אין בראָנקס ווי אין בראָנזוויל, רייך אָדער אָרים, מען פירט זיך מיט הינטעלעך.

איר זענט געוועזן אמאָל אויף פּאַרק עווענוי? פון זיי איז דאָך אָפּגערעדט, דאָרט א לעידי אָן א הונט איז ווי א נאַצי אָן א סוואַסטיקא, ווי טשעמבערליין דער אימפּעריאַליסטישער שאַדכן אָן אן אמברעלא.

— אויף שריט און טריט — ווייזט ער אָן דערביי — זעט איר לעידים מיט הינטלעך אין פּאַראויס. אָפט שלעפּט זיך אויך נאָך פון דער זייט א דזשענטעלמען. אָבער איר וועט גיכער טרעפן א לעידי אָן א דזשענטעלמען — ווי א לעידי אָן א הונט... אויף פּארק עווענוי קאָנט איר אויך טרעפן לעידים, וואָס ניט זיי פירן די הינט, נאָר די הינט פירן זיי. דאָס הינטל לויפט פּאָראויס, דראַפּעט מיט די פיסלעך און זי, די לעידי, שלעפּט זיך נאָך.

— איר הערט — גיט דער איד א זיפץ —מען זאָגט, אז יעדער הונט האָט זיך זיין טאָג, אָבער אז הינט זאָלן ביי דער איצטיקער צייט אזוי לעבען א טאָג, אויף דעם דאַרף מען שוין טאַקע האָבן א הינטיש מאַזל... מיר קומט אויס ניט אַנדערש ווי צו זאָגן: האַלוואַי קוקט מען זיך אויף מיר אזוי אום, ווי אויף א הונט"... איך זאָג אייך, ווען איך זע ווי מיינע, האַלט דעם הונט אפן שויס, גלעט אים און צערטלט אים, בין איך אים פשוט מעקאַנע...

—וואו איך וואוין? טאַקע דאָ דערביי אין דער אָרימער

געגנט. מיין לענדלעידי, די מיסעם פיסנאָגי, האָט אַ הונט, וואָס צע־בילט זיך גלייך ווי ער דערהערט מענטשלעכע טריט. איינמאָל האָט ער געפּאַקט אַ אידן, וואָס איז אַריינגעקומען אין הויז, האָט ער אים שטאַרק צעביסן. די קינדערלעך האָבן דעם הונט אַ נאָמען געגעבן „היטלער". אָט־דער הונט, זאָג איך אייך, קאָן בילן פאַר 10 הינט...

אויף דעם ערשטן פלאָר וווינט אַ דענטיסט, מיסטער שטיינמאַן. האָט ער אַ הונט מיט אַ פאַררימענער מאָרדע, אַ בול־דאָג, ווי מען רופט דאָס. האָט ער ביי זיך געפּויעלט, אַז אַלץ וואָס איז אונטערן טיש, געהערט צו אים, שלעפּט ער אַראָפּ דעם טישטעך מיט אַלץ וואָס עס שטייט אויף אים און — ווען עס ליגט שוין אונטערן טיש — געהערט דאָס שוין צו אים... די קינדערלעך האָבן אים אַ נאָמען געגעבן „מוסאָליני". אָט דער הונט, זאָג איך אייך, קאָן אויפעסן אפילו זיינע אייגענע הינטעלעך...

— נו, וואָס פרעגט איר — צעלאַכט זיך דער איד — שטייען טאָג־און־נאַכט אָפּן „סטופּ" די מיסעס פיסנאַגי מיט דער מיסעס שטיינמאַן, און האַלטן זיך אין איין קריגן. איינע זאָגט: אַז איר היטלערקע איז דער קלוגסטער הונט אין גאַס, טענה'ט די צווייטע, אַז אַזאַ קלוגער הונט ווי מוסאָליני איז צו זוכן...

איינמאָל איז פאַרבייגעגאַנגען אַ דריטע פרוי, האָט זי זיך צע־לאַכט:

— וואָס ווייסט איר — זאָגט זי — פון הינט, איך האָב אַן אַלטן הונט, טשעמבערליין רופן מיר אים, איז, ווען איר זעט אים, דיינקט איר, אַז ער איז האַלב געפּייגערט, קיינמאָל בילט ער ניט, נאָר פונדעסטוועגן, האָט ער שוין אין אונזער גאַס פאַרזוכט אַלעמענס ליטקעס...

די פרוי איז פון דער מיסעס פיסנאַגי קוים מיטן לעבן אַנטלאָפן.

אַנומלטן — גיט מיך דער איד אַ כאַפּ פאַר דער האַנט — האָט צופעליג די מיסעס פיסנאַגי געהערט ווי צוויי אידן רעדן, אַז טשעמ־בערליין איז אַ הונט מיט לאַנגע אויערן, און אַז אַן אַנשטענדיקער מענטש דאַרף ווייכן פון אים, פּראַוועט הינטישע שטיק נאָך ביטערער פאַר די ביידע — היטלער און מוסאָלינקע.

האָט די מיסעס פיסנאַגי זיך צעקאָכט:

„איך בייט ניט היטלערם עק אַף זייערע קעפּ. אַ קאַפּאָרע צען אַנדערע הינט פאַר איין היטלערקען".

ווען די מיסעס שטיינמאַן האָט דאָס דערהערט פונם ערשטן פלאָר, האָט זי גלייך אַרונטערגעשריען צו דער מיסעס פּיסנאַגי, אויב אַ קאַפּאָרע, מעג שוין גראַדע ווערן איירער היטלער פאַר מיין מוסאָ־ליני׳ס מאַרדיטשקע. איירער היטלער איז אויך אַ הונט? ער איז דאָך בלויז אַ ווילדער קאַטער מיט וואַנצעס...

די צוויי אידן האָבן זיך צעלאַכט: „זאָלן זיי זיין אַ קאַפּאָרע איינע פאַר די אַנדערע. מיר רעדן פון פּאָליטיק, און זיי פּראַווען גאָר מיט דער הייליקער טרויקע — הינטישע שטיק... אַז נאָר הינט קריכט זיי אין קאָפּ.

אָבער וואָס איך וויל אייך דערציילן — טוט שוין דער איד אָן דאָס רעקל אויף די אַקסלען — איז טאַקע ווי אַזוי איך אַליין לייד שוין אויך פון דער הינטישער מאַגייפע. ווי איר קוקט מיר אָן, בין איך אַ טאַטע פון זעקס קינדער, איז וויפיל איך האָב קינדער, אַזויפיל האָב איך הינט אין הויז. יעדעס קינד האָט ליב אַ הונט. איינס האָט ליב אַ מאָפּסל, אַ צווייטס — אַ בולדאָג, אַ דריטס — אַ יאַפּאַ־נעזיש הינטל. און וואָס זאָל איך אייך זאָגן, מיר זיינען טאַקע ניט קיין וועגעטאַריער, אָבער פלייש אין הויז — איז טאַקע ניטאָ. וואָס מיינט איר טוען מיינע חברה, גלייך אין דער פרי, דאָס הייסט נאָך פרוטאָג, לאָזט מען אַרויס די קלאָווים אין האָל אַריין און זיי נעמען זיך אַזוי רייסן און דרייען ביז זיי וואַרפן אַרונטער דעם שאַכטעלע מילך פון די טרעפּ, און — זיי האָבן שוין אַלע וואָס צו עסן...

איצט הערט דעם סאָף: די נעקסטדאָריקע האָט געפּאַקט איינעם פון מיינע הינטלעך און זי זאָגט: אויב איך וועל איר ניט באַצאָלן דעם מילך־ביל, וועט זי ניט צוריקגעבן מיין קינד דאָס הינטל. איז איך, דעם עמעס געזאָגט, טראַכט, האַלוואַי קאָן איך אַזוי שיקן עסן טעג צו שכיינים — אַלע מיינע הינטעלעך. איז אָבער אָן אימגליק אויף מיין קאָפּ: אין גאַנצן הויז זיינען פאַראַן בלויז פינף שכיינים און דאָ, נעכטן האָבן צוויי פון די הינטלעך מיינע, זיך „אָפּגעהינטלט" און געהאַט נאָך צוועלף שטיק...

— נו — האָט דער איד אַ זיפץ געטאָן — מען איז דאָך ניט מער ווי אַ מענטש, עס איז דאָך אַ צאַאַר־באַלעבאָים, האָב איך אייך געוואָלט טאַקע אַ פרעג טאָן: איר דאַרפט עפּשער אַ הינטל? איר׳ט פאַרדינען אַ מיצווע און דערביי אויך זיין אין סטאַיל... וואָרום פאַרגעסט ניט, מיר לעבן איצט אין אַ הינטישע וועלט...

# די מאָנסטער כאַיע

(אַ סימבאָליש מאַיסעלע)

ווען דאָס גאַנצע דאָרף האָט דערפילט הונגער און דאָרשט, האָבן זיך אַלע גענומען באַקלאָגן און רעדן מיט זאָרג איינער פאַרן צווייטן. נאָר, ווען מ׳האָט שוין אויך דערזען איבערגעקערטע שפּייכלער, צעריסענע גערטנער, פאַרוויסטע פעלדער און פאַרשאָטענע ברונימער, האָט אַ שרעק גענומען ארומכאַפּן דאָס גאַנצע דאָרף.

פון אָנפאַנג האָט קיינער ניט באַגריפן, ווער ס׳איז שולדיק אין זייערע ליידן, ווער ס׳האָט אָנגעמאַכט דעם אומגליק אינם דאָרף. מ׳האָט זיך געוואָרפן מיט באַשולדיקונגען; שכנים האָבן זיך גענומען שלאָגן און רייסן, מ׳האָט זיך גענומען קריגן פאַר ביסן ברויט, פאַמיליעס האָבן זיך אָרגאַניזירט — ארויסצוטרייבן די שוואַכערע פונם דאָרף... פרומע האָבן געזאָגט, אז ס׳איז אזא שטראָף פון גאָט, פאַר די גרויסע זינד פון די מענטשן...

אָנגעהויבן האָט זיך דאָס אַלץ, ווען איין פרימאָרגן, ווען יונג און אַלט האָבן ערשט געעפנט זייערע אויגן האָבן זיי פאַר זיך דערזען אַ מאָדנע גרויסע כאַיע מיט שוואַרצע פלעקן אויף איר פעל.

דאָס גאַנצע דאָרף האָט זיך ארויסגעלאָזט אָנצוקוקן דאָס בייזוואונדער. קליגערע מענטשן האָבן גלייך גענומען אָנווייזן אויף איר געפאַר; דרייסטערע מענטשן האָבן גלייך געראָטן זי צו פאַרניכטן, איידער זי וועט ווערן גרעסער און שטאַרקער. אָבער אומוויסנדיקע מענטשן האָבן געליאַרמעט: ס׳איז מסתמא אַ גאָט־זאַך, מענטשן דאַרפן בלויז ווערן פרימער און גלויביקער, און די כאַיע דאַרף זיי דערמאָנען אָן דעם.

אַנדערע ווידער האָבן שוין די כאַיע גופא גענומען באַטראַכטן פאַר אַ מין גאָט און איר צוגעוואָרפן זייער לעצטן ביסן ברויט, פאַלנדיק דערביי אויף די קני מיט לויב צו איר...

אזוי האָט די מאָנסטער כאַיע אָנגעוואָרפן אַ שרעק, יונג און אַלט האָבן געציטערט וועגן איר. מאַמעס האָבן גענומען שרעקן זייערע קליינע קינדער מיט דעם נאָמען...

פונוואַנען האָט זיך די כאַיע גענומען? דער שרעקלעכער וואַלד־גאַזלען קאַפּיטאַלוס, האָט די כאַיע פון וואַלד געבראַכט, ווען זי איז נאָך גאָר קליין געווען. ער האָט זי געהאַלטן ביי זיך און זי געדרייצט אויף פאַרבייגייער.

פון איר פריסטער יוגנט איז שוין די כאַיע געווען אַ בייז־וואונדער, אַ פאַרזעעניש. זי האָט געהאַט גאַנצע פיר הערנער אויף איר קליין פלאַכן קאָפּ. מיט אירע הערנער פלעגט זי שטעכן אויף אַלע זייטן... פיר עקן האָט זי געהאַט, מיט וועלכע זי האָט געשמיסן אין אַלע זייטן... יעדער קוק אירער איז געווען ווי אַ שטאָך פון אַ דאָרן, און שטענדיק האָט זי ארומגעשמעקט וואו עפּעס איינצושלינגען...

איין טאָג, ווען זי האָט זיך דערפילט בעקייאַך, און איר באַלעבאָס איז געווען שטאַרק פאַרשיקערט, האָט די כאַיע זיך ארויסגעריסן פון צאַם און איז ארויס איבערן דאָרף. אַלץ וואָס איז איר געקומען פאַר די בייזע אויגן, האָט זי איבערגעקערט און אויפגעפרעסן... וואָס עס איז איר אַנטקעגן געקומען האָט זי פאַרניכטעט, פאַרצוקט. זי האָט גענומען שלינגען בוימער מיט די וואָרצלען, מיט אַ לעק פון איר צונג האָט זי אָפּגעווישט אַ גאָרטן, מיט איין זופּ האָט זי אויסגעטריקנט אַ טייך... און, אַז זי האָט אַ רעווע געטאָן, האָט אַלץ ארום גענומען ציטערן.

אַזוי איז די מאַנסטער־כאַיע גרעסער און גרעסער געוואָרן, וואו זי האָט אַ טראָט געטאָן — איז געוואָרן אַ גרוב, וואו זי האָט אַ לעק געטאָן — איז געוואָרן אַ טיפע בלאָטע, וואו זי האָט זיך אַ ריר געטאָן — איז געוואָרן אַ וואונד און וואו זי איז געבליבן שטיין — איז גאָר ניט געבליבן...

און די כאַיע איז געוואַקסן, גרעסער און גרעסער, גרעבער און גרעבער, אירע הערנער זיינען געוואָרן לאַנג און שטעכעדיק, די עקן זיינען געוואָרן ווי בלייענע בייטשן, אירע אויערן זיינען אָנגעפילט געוואָרן מיט בלאָטע, אַזש קראָפּיווע האָט גענומען וואַקסן אין זיי און זי האָט קיין זאַך ניט געקאָנט הערן... און די אויגן האָבן זיך פאַרגאָסן אַזוי, אַז זי האָט גענומען קוקן נאָך קרומער ווי קרום...

האָבן מאַמעס גענומען לויפן, זיך רייסנדיק די האָר, האָבן צעשראָקענע קינדער זיך געגורעט אין די וויגעלעך, יונג און אַלט האָבן גענומען ברעכן די הענט, וואָס זאָל מען טאָן?

פרומע לייט האָבן געראָטן די פּויערים צו קלינגען אין די גלעקער, ליגן דריי טעג אויף די קני, צינדן ליכט, פאַסטן און קלאַפּן זיך אין די הערצער...

בלויז דער געטרייער דאָרף־וועכטער, האָט ניט געוואָלט הערן אַזעלכע רייד. ער האָט גענומען קלאַפּן אין פייער־פּויק, צונויפגע־רופן אַלע דאָרפס־מענטשן און האָט זיי אַזוי געזאָגט:

— ווען איר וועט ליגן אויף די קני וועט די כאַיע אייך שפּרינ־גען אויפן קאָפּ, ווען איר וועט פאַסטן וועט די כאַיע נאָך מער עסן און איר — וועט פאַרהונגערט ווערן... איז בעסער, נעמט זיך צוזאַ־מען, יונג און אַלט, נעמט אין די הענט אייערע רידלען, אייערע העק, אייערע קאָסעס און פאַרטרייבט די בייזע כאַיע פון דער וועלט.

האָבן די מוטיקע און בראַווע זיך צוזאַמענגענומען, ווער מיט אַ האַק, ווער מיט אַ רידל און ווער מיט אַ פלאַקן, און צוזאַמען האָבן זיך אַלע אַ לאָז געטאָן קעגן דער גרויסער כאַיע. ווי נאָר די כאַיע האָט פאַרזוכט די ערשטע קלעפּ, האָט זי גענומען שמייסן מיט אירע עקן און סטראַשען מיט אירע הערנער. אָבער וואָס מער קלעפּ זי האָט גענומען קריגן, אַלץ מער האָט זי זיך שוין אַליין געשמיסן, לויפנ־דיק טיפער אין וואַלד אַריין.

און וואָס ווייטער זי איז געלאָפן, אַלץ מער האָט זי זיך פאַרפּלאָנ־טערט אין אירע עקן, אַלץ מער האָבן די הערנער זיך געבראָכן אָן די צווייגן און דערנער, ביז — זי איז אַ מידע אַנידערגעפאַלן אין אַ זומפּ.

דער דאָרף האָט זיך דערפרייט. קליין און גרויס האָבן גענומען לויפן זען, ווי די גרויסע כאַיע ליגט אין בלאָטע און זינקט אין זומפּ.

פרויען זיינען געקומען מיט לאָפּעטעס און קאָטשערעס, קינדער־לעך זיינען געקומען מיט זייערע שפּיציקע בלייפעדערס. אַלע האָבן זיך גענומען העלפן די מוטיקע און בראַווע צו פאַרטרייבן די שרעקלעכע כאַיע.

טיפער און טיפער איז די גרויסע כאַיע געזונקען אין זומפּ, און ווען הונגער האָט איר גענומען קראַמפּן, האָט זי אָרויסגעשטעקט איר בייזע צונג ביז זי האָט דערגרייכט אירע אייגענע עקן, האָט זיי איינ־געשלונגען איינעם נאָכן צווייטן און זיך באַלעקט... שפּעטער, ווען זי איז ווידער הונגעריק געוואָרן, האָט זי זיך אַ נעם געטאָן צו אירע פיס, וואָס האָבן שוין מער ניט געקאָנט גיין און האָט געהאַט אַ מאָל־צייט פון די אייגענע פיס...

אזוי האָט די כאַיע זיך אַליין געגעסן און געגעסן, ביז אין איין טאָג איז שוין פון איר גאָר ווייניק וואָס געבליבן, האָט דער צונג זיך גענומען ווארפן און די ציינער קלאַפן: נו, און וואָס ווייטער?

אזוי איז געבליבן ליגן די מאָנסטער כאַיע אין זומפ מיט איר גיפּ־טיקער צונג אין דרויסן...

---

אַלע פרימאָרגן, קלייבן זיך קראָען איצט צוזאַמען אַפן סקעלעט פון דער מאָנסטער כאַיע און קראָקען אוים אַ געבעט פאַר איר...

דערבייַ, אַפן שפּיץ פון אַ גרין־בוים, זינגט שטענדיק אַ רויט פויגעלע, זאָגט אָן די פאַרבייגייער:

היט אייך! דאָ ליגט דאָס סאַמיקע געביין פון דער געזונקענער כאַיע...

# אין קאמף פאר ברויט

דזש־דזש־דזשאַב ? דזש־דזש־דזשאַב ?

זשעדנע בליקן וואַרפן זיך אויף פאַבריקן, אויסגעשטרעקטע הענט, ווי אין אַ געבעט, רייסן זיך פאַראויס: אַ ד־ז־ש־אַ־ב ? אַ ד־ז־ש־אַ־ב ?

אין מאַרקעט קאָכט און זידט, נערוועזער רויך שלייַנגלט זיך פון אויסגערויכערטע ליולקעס, פאַרטריקנטע ליפּן שעפּטשען מאַכטלאָז, הילפלאָז : דזש־דזש־זשאַב, אַ ד־ז־ש־אַ־ב ?

מענערשע הענט, פרויען הענט, הענט פון יונגע קינדער, אויסגעשטרעקט צום פאַרקויף אפן מאַרק פון אַרבעט, ווי צייטונגס־אינגלעך, וועלכע לויפן מיט אַן עקסטראַ : — קויפט, קויפט, קויפט ! — גוטע הענט, שטאַרקע הענט, פלינקע הענט, זעט די מוסקולן, זעט די פינגער, איך קאָן אַרבעטן פאַר צוויי — פאַר דריי. איר האָט אַ דזשאַב ? איר ווייסט פון אַ דזשאַב , ט׳איר געהערט פון אַ דזשאַב ?

דזש־דזש־דזשאַב — דזש־דזש־דזשאַב ? ?

גלייך מיטן מאָרגן־שטערן גיי איך אַרויס אויף דער וועלט, טראָג אַרויס מיינע הענט אפן מאַרק, איך פלעכט זיך אַריין אין דעם ראָד פון טויזנטער אַנדערע הענט, הענט — פאַר דעם טאַנץ פון ברויט.

ווי בייזע טיגערס לויפן אום אין שטייג פון שטאָבע צו שטאָבע, זוכן אַ וועג, אַזוי קלאַפּן הענט — שאָפּ נאָך שאָפּ, טיר נאָך טיר — אַרבעט ? אַרבעט ? ...

דזש־דזש־דזשאַב ? — דזש־דזש־דזשאַב ? איר האָט עפּשער אַ דזשאַב ? ?

גוט־מאָרגן דיר, גוט־מאָרגן דיר, אַזוי צו אַ באָס, צו אַ פאָרמאַן, צו יעדער פאַרקויפטער נעשאָמע, און אין האַרצן ברענט : אַ טויט צו דיר, דו שינדער, דו שקלאַפּן־טרייבער, דו בלוט־זויגער, וואָס דו ביזט. דו האַלסט מיין ברויט אין דיין פּיסק. דו ביזט באַלעבאָס איבער מיינע הענט, איבער מיין לייב און לעבן.

פון טאָג צו טאָג, גאַס־איין גאַס אויס, צוויי מאָל, צען מאָל, לאַנגע שאָען, קוק אין די פּענימער, לייען פון די ליפּן, זוכסט וואָס ? דאַרפסט וואָס ? אַ דזשאַב ? האָסט אַ דזשאַב ?

ווי הונגעריקע וועלף — גיבן זיך אַ וואָרף הענט, די לופט ווערט פול מיט איין געשריי:

דזש־דזש־דזש־דזשאַב ? — דזש־דזש־דזש־דזשאַב ?

הענט ! הענט ! הענט ! איך האָב צו פאַרקויפן הענט !

ווי די גאַסן־פרוי רייצט מיט די נאַקעטע טיילן פון איר קערפּער, אַזוי שטופּט אַרבעטמאַן פאָראויס זיינע געזונטע מוסקולירטע הענט :

קויף געזונטע שטאַרקע הענט, קאָן אַרבעטן פאַר צוויי, קיין זאַך איז ניט צו שווער פאַר זיי. איך קאָן נייען, מאַכן שיך, גראָבן ערד, קריכן אַף רעשטאָוואַנעס, פאַרבן, פירן, אַקערן, בויען, ברעכן, צינדן, לעשן, מאַכן אויוונס, גראָבן קוילן, פּאַקן געפּעק, מאָלן, שרייבן, מאַסאַזשירן, בויען הייזער, האַקן שטיינער, טרייבן שיפן, באַנען, ערראָפּלאַנען, — אַלץ, אַלץ, אַלץ !

שטייט אַ פרוי מיט אַ בלאַס געזיכט, האַלט אַ פּאָר הענט צו פאַרדינגען, — שיינע הענט, צאַרטע הענט ; זי דערציילט פון איר קראַנקן מאַן און אירע הילפלאָזע קינדערלעך, וועלכע זי האָט געלאָזן אין דער היים אָן ברויט און אָן אַ סענט.

אַ מאַן דערציילט פון זיין שוועך־ביטער האַרץ : זיין פרוי איז אויף דער צייט, דאַרף איינגיכן געבאָרן נאָך אַ שקלאַף פאַר דער וועלט, נאָך צוויי הענט פאַרן מאַרק, און אין הויז ? — נויט, נויט, נויט, ניטאָ קיין מילך, ניטאָ קיין ברויט, ניטאָ קיין קלייד.

באַגעגנט אַ מאַן זיין פרוי, אַ פריידיקער שמייכל באַווייזט זיך אויף ביידנס פּנימער און ווערט גיך פאַרשוואונדען.

ביידע זיינען אין דער פרי אַרויס זוכן אַרבעט, אַרומגעדרייט זיך איבער גאַסן און גאָרניט געפונען. זיי שטעלן זיך אָפּ ביי אַ ראָגנאַס, שפּאַרן זיך צו צו אַ לאָמטערן־סלופּ.

זיי שווייגן אַ ווײַלע שטיל, ער וואַרפט זייטיק אַ בליק אויף איר, ווי אַזוי ס'איז פון אירע ביין־גריבלעך אין די באַקן געוואָרן איינגעפאַלענע גריבער און וויפיל ווייטיק און צאַר עס ליגט אין זיי באַגראָבן.

אַזוי קוקט זי אויף אים, ווי זיין קוטשעראַווע קאָפּ האָר איז גרוי געוואָרן, קנייטשן האָבן זיך צעלייגט אַפן פּנים ווי ראַזאָרעס אויף אַ צעאַקערט פעלד.

און, אַז זיי נעמען שפּאַנען מידע אַהיים, גייען זיי פאַרביי דעם

פּלאַץ, וואו זייער איינציק קינד שטייט און פאַרקויפט צייטונגען.

ביידע פאַרגעסן וועגן זיך, וואַרפן שוין זייערע בליקן אויף דעם דאַר, בלאַס פּעניטל פון זייער יונג קינד — אויף זייער שפּייזער...

דאָס קינד ציילט אָפּ עטלעכע סענטן אויף דער מאַמעס האַנט. און דער טאַטע — פאַרווישט אַ טרער, קוקנדיק אויף זיין ברויט־געבער.

— — — — — — — — — — — — — — — —

אַזוי טאָג־איין, טאָג־אויס, צוזאַמען מיט די נאַכטיקע וואָלקנס, שלעפּן מידע פיס — אַרבעטלאָזע הענט, און צווישן דעם געזשום פון באַנען, אָטאָ־באָסעס, רייסט זיך דער געזשום איבער אַלע וועגן, איבער אַלע גאַסן, ביי אַלע הייזער: — דזש־דזש־דזש־דזש־דזשאַב? ניטאָ קיין ד־ז־ש־אַ־ב! דעם קריפּל אָן הענט איז גוט, ער קאָן בעטלען, אָבער וואָס זאָל איך טאָן, אַז איך האָב געזונטע הענט?...

— — — — — — — — — — — — — — — —

נאָר, אַז מיינע אויגן שליסן זיך צו, דערזע איך אין זיסן שלאָף: ווייט, ווייט, ווייט, לויכט אַ רויטער שטערן, און אויף אַלע טראָטואַרן, אין אַלע וועגן, שפּאַצירן פריידיקע אַרבעטער, זיי ווייסן ניט פון דעם שווערסטן יאָך אפן לעבן — פון זוכן אַרבעט, פאַרדינגען די הענט.

און אין טיפן שלאָף צעשריי איך זיך מיט אַ בייזן געזשום:

דזש־דזש־דזש־דזשאַב — דזש־דזש־דזש־דזשאַב! איך האָב פאַר אייך אַ ד־ז־ש־אַ־ב! צינדט רויטע שטערן, אויף יעדן דאַך, אין יעדע הייס אין יעדער פאַבריק און — ס'וועט ליכטיק ווערן די וועלט! אָן זאָרג פאַר אַ דזשאַב, אָן זאָרג — פאַר געלט!

# איר קאָנט ניט אונזער שטעטל...

— פאַרוואָס זאָלט איר מיינען, אַז איך מיין דאַווקע אייער שטעטל? ווי יעדער שטעטל אין אַמעריקע האָט אַ מעין סטריט, אַזוי איז אויף מעין סטריט פאַראַן אַ איד אין אַ קרעמל, און ער — ער איז דער פאַרטרעטער פון אידנטום, פון קולטור, פון אַראַנ־זשירן אַ לעקציע, פון לאָזן שפּילן אידיש־טעאַטער, פון באַשטימען אַ יאָנטעוו, אַ יובילײ־פּייערונג, ער האָט דאָס לעצטע וואָרט וועגן גרינדן אַ שולע און וועגן עפּענען אַ סענטער און ווען מ׳זאָל טאַקע רופן אַ מיטינג, מיט איין וואָרט. ער איז דער שטאָטישער „אַמבאַ־סאַדאָר" פון אידישן פאָלק...

אמאָל פלעגט גראָדע אָט־דער אידישער „אַמבאַסאַדאָר", טאָן אַ סאַך אַרבעט, ער האָט ליב געהאַט זיך צו קאָהאָלן, און איבערהויפּט, אַז עס איז געווען אַ סאַך אידישע אימיגראַנטן, אינטעליגענטע מענטשן אַף וועמען דער „אַמבאַסאַדאָר", האָט געקוקט ווי אויף קאָנקורענטן, וועלכע ווילן ביי אים אַרויסרייסן דעם שטול פון אונטערן זיץ־פּלאַץ. האָט זיך דאַן געטאָן, געקאָכט, געטומלט, מ׳האָט געבויט און איבער־געבויט און אַלע וואָך פלעגט מען אַרונטערברייננגען פון גרויס־שטאָט לעקטאָרן, שרייבער, קאָנצערטיסטן און אַפילו גאַנצע טעאַטער־גרופּן. איצט ? איז שאַ שטיל, ניטאָ קיין קאָנקורענטן, טשעפּע מיך ניט און איך טשעפּע דיך ניט...

— — — — — — — — — — — — — — — —

יאָ, איין פרימאָרגן קומט אַריין צום „אַמבאַסאַדאָר" אין קרעמל אַ איד מיט אַ פּאָרטפעל אונטערן אָרעם און שטעלט זיך פאָר: דאָס בין איך דער לעקטאָר, וועגן וועלכן מ׳האָט אייך געשריבן מיט פיר וואָכן צוריק.

דער „אַמבאַסאַדאָר" האָט אַ וויש געטאָן די האַנט אָן פּאַרטוך, געגעבן אַ שאָלעם אַליכעם, דערביי ברייט צעעפנט זיינע אויגן.

אַ לעקטאָר ביי אונז אין שטעטל ? איך הויב ניט אָן צו וויסן !

אַף דעם לעקטאָרס פּאָנים האָט אַרויסגעשאָסן אַ שוויים :

— ס׳הייסט, איר ווייסט ניט? מ׳האָט אייך געשריבן צוויי בריוו מיט אינסטרוקציעס, געהייסן צוגרייטן אַ זאַל און אַנאָנסירן׳ וואָס

נאָך האָט מען געדאַרפט טאָן, קלינגען אין גלאָק?

כ׳העד דאָס איצט צום ערשטן מאָל — זאָגט רואיק און געלאַסן דער „אַמבאַסאַדאָר" — איך בין אַ באָלן אַ זוך טאָן אין די בריוו צי איז עפּעס געווען אַזוינס? ער איז צוגעגאַנגען צו אַ טיש־קעסטל, אַרויסגעשלעפּט אַ באַרג מיט בריוו און גענומען זוכן. נאָכדעם ווי ער האָט אַזוי דורכגעוואָרפן צענדליקע ניט־געעפנטע בריוו פון פאַר־שידענע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, איז ער געבליבן שטיין באַ איין בריוו, אים צעעפנט, דורכגעלייענט און רואיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ: טאַקע געדעכט! איך האָב דאָס גאָר ניט באַמערקט, אַוועקגעלייגט אין „מאָרג" און ס׳איז זיך אַזוי געלעגן...

— איז וואָס וועט זיין? — פרעגט דער לעקטאָר אַ פאַרצווייפל־טער.

— וואָס זאָל זיין — וואַרפט דער „אַמבאַסאַדאָר" זיין אויג אפן זייגער — איר קאָנט נאָך מאַכן די טריין צו דער נעקסטער שטאָט, ביי זיי וועט איר געווים האָבן מער מאַזל.

— וואָס טויג מיר מאַזל — שרייט שוין דער לעקטאָר קימאַט פאַרצווייפלט — איך דאַרף האָבן אַן אַראַנזשירטע לעקציע! אין דער פריערדיגער שטאָט האָט מען מיר געזאָגט, אַז ביי אייך וועל איך האָבן מער מאַזל — אַזאַ מאַזל אויף מיינע סאָנים, אַזוי שוין די פערטע שטאָט.

— איר פאַרשטייט — זוכט שוין דער „אַמבאַסאַדאָר" צו באַ־רוהיגן דעם לעקטאָר — אפילו ווען איך עפן דעם בריוו, וואָלט מען סיי ווי גאָר ניט געקאָנט טאָן, איר קאָנט ניט אונזער שטעטל· וואָס מ׳זאָל דאָ ניט אַראַנזשירן און וועמען מ׳זאָל ניט ברייגגען — איז פוסט, ס׳אַרבעט ניט· אַ פייער איז דאָ די איינציקע זאַך, וואָס עס קאָן דאָ נאָך ברייגגען אַן אוילעם.

— הערט זיך איין — האָט פּלוצלינג דער לעקטאָר אַ זאָג גע־טאָן: — עס מעג נעמען פינף טעג און עס מעגן זיין בלויז פינף מענטשן און ס׳מעג זיין אַ פייער, אָבער איך פאָר ניט אַוועק פון דאַנען ביז איך וועל ניט האָבן קיין לעקציע. קאָנט איר דאָס ניט טאָן? וועל איך זיך ווענדן צו אַנדערע.

ווען דער „אַמבאַסאַדאָר" האָט דערהערט דאָס וואָרט „אַנדערע", איז ער צוגעלאָפן צום טעלעפאָן אַ רוף געטאָן אַ פּאָר מענטשן און אַראַנזשירט צו האָבן אין אָוונט אַ מיטינג, צום באַשליסן וואָס צו

טאָן.

באַם מיטינג האָט מען דיסקוטירט, גערעדט און פאַרגעשלאָגן פּלענער. איינער האָט פאַרגעשלאָגן, אָפּצולייגן די לעקציע אַף אַן אומבאַשטימטער צייט, אַ צווייטער — מ׳זאָל דערווייל אויסליינען דעם לעקטאָר אַף קאַרפּער, און זאָל ער זיך פאַרן געזונטערהייט און ווען ס׳וועט זיין אַ צווייטן מאָל אַ לעקציע וועט מען פונם פּראָפיט אַרונטערנעמען די קאַרפער. קיינער האָט אָבער ניט געוואָלט אויס־ליינען דאָס געלט און דער פאָרשלאָג איז צעשלאָגן געוואָרן.

צום סוף האָט דער „אַמבאַסאַדאָר" גענומען דאָס וואָרט: — איר זעט דאָך ברידערלעך, אַז מיר זיינען שוין אַריינגעפאַלן. דער לעקטאָר איז פאַראַן און קיין קידנעפּער איז ניטאָ, טאָ לאָמיר אַראַנ־זשירן דינסטיק, עפּעס אַ פּאַרטי און, אַנשטאָט וואָס מיר דאַרפן האָבן דעם מיטינג אין צוויי וואָכן אַרום, וועלן מיר דאָס האָבן ביי דער לעקציע. און די קאָרטן־פּאַרטי, וואָס די פרויען אָקזילערי דאַרף האָבן דאָנערשטיק, זאָלן זיי דאָס אויך האָבן דינסטיק, ביי דער לעקציע, און פאַראייניגענעם לאָמיר אויסנוצן די געלעגנהייט צו געבן אַן אָפּשייד־אָוונט פאַר אונזערע צוויי מיטגלידער וועלכע פאָרן אָוועק אין יוראָפּ.

יאָ, אַלעס גוט, — זאָגט איינער פון דער קאָמיטע — אָבער דינ־סטיק אָוונט קאָן דאָס ניט זיין, ווייל דינסטיק פאַרמאַך איך דאָס קרעמל עלף אַזייגער, מאַכט דאָס בעסער מיטוואָך, — מיטוואָך — שפּרינגט אויף אַ צווייטער — מיטוואָך גייט מיין ווייב צו שפּילן „סקרינאָ" און איך מוז זיין מיט די קינדער אין הויז, דאָנערשטאָג איז דער בעסטער אָוונט. — דאָנערשטיק — זאָגט דער „אַמבאַסאַדאָר" — איז קיין אָוונט ניט. אַלע זיינען פאַרנומען מיט צוגרייטן אַף שאַבעס און זונטיק, נאָר אויב איר ווילט, אַרט מיך ניט, איך וויל זיך מיט אייך ניט דינגען, וועט זיין אַ דורכפאַל, וועט זיין אַ דורכפאַל, וועט דער לעקטאָר וויסן ניט צו זיין קיין אַקשאָן, מ׳זאָגט אים ס׳אַרבעט ניט, ווייל ער ניט גלויבן, טאָ זאָל ער זען!

אינם שטעטל האָט מען זיך דערוואוסט פון דער לעקציע, דורכ־דעם, וואָס איינער האָט געלאָזט וויסן אַ צווייטן.

דאָנערשטיק אָוונט, שוין פון גאַנץ פרי, זיינען געקומען אין זאַל אַ גרופּע פרויען פון דער אָקזילערי, אַ טייל האָבן זיך געזעצט שפּילן אין קאָרטן און אַ טייל זיינען אַריין אין קיך עפּעס צוגרייטן פאַרן אָוונט.

— מאַכט נאָר ניט אָן צו פיל — האָט אויסגערופן די „אמבאַ־סאַדאָרקע” פון קאָרטן־טיש צו די עלטערע פרויען אין קיך — איר ווייסט דאָך, אַז פאַר לעקציעס זיינען ניטאָ קיין סאַך באַלאַנים, קאָכט אָפּ איין טאָפּ פּאָטייטאָס און מאַכט אַ זעקס הערינג, ס'וועט זיין פּלענטי געננוג!

ארום ניין אזייגער, ווען עס זיינען שוין געזעסן אַ צוויי צענדליק מענטשן אין זאַל האָבן די קאָמיטע לייט גענומען אויסשטעלן טישן און שטולן.

— וואָס שלעפּט איר אזויפיל טישן — האָט דער „אמבאַסאַ־דאָר” אויסגערופן — איר פאַרגעסט, אַז דאָס איז אַ לעקציע און היינט איז דאָנערשטיק, מאַכט דרייסיק סיטס און איך בין זיכער, אַז מאַנכע פון אייך וועלן נאָך קאָנען זיצן אויף צוויי שטולן.

האַלב נאָך ניין, ווען דער אמבאַסאַדאָר האָט איבערגעריסן דעם קאָרטן־שפּיל און פאַרגעשטעלט דעם לעקטאָר, האָט ער זיך פּלוצלינג געכאַפּט, אַז אַלע שטולן זיינען פאַרנומען און ער האָט פון דער פּלאַטפאָרמע געגעבן אַן אָרדער: שטעלט צו נאָך אַ טיש און נאָך אַ טאָפּ בולבעס און מאַכט נאָך זעקס הערינג.

ווען דער לעקטאָר האָט געהאַלטן אין צעוויקלען אַ געדאַנק פון זיין לעקציע און דער „אמבאַסאַדאָר” האָט דערזען ווי ס'שטופּט איינער דעם צווייטן איבער אַ שטול, האָט ער ווידער אויסגערופן, שטעלט צו נאָך צוויי טישן נאָך אַ טאָפּ בולבעס און מאַכט נאָך־אכט הערינג.

דער לעקטאָר, קוקנדיק אפן אוילעם, ווי די גרעסטע צאָל פון זיי זיצן מיט צעעפנטע מיילער און שלינגען זייערע ווערטער, האָט זיך צעוואַרימט און גענומען רעדן נאָך מיט מער באַגייסטערונג. נאָר מיט אמאָל האָט מען פון קיך געלאָזט וויסן: זאָגט דעם לעקטאָר, ער קאָן שוין ענדיגן די לעקציע, דער ערשטער טאָפּ פּאָטייטאָס איז שוין פאַרטיק!

דער „אמבאַסאַדאָר” האָט צוריק געענטפערט, אַז ס'זיינען שוין אריינגעקומען נאָך מענטשן, זאָל מען ווידער שניידן הערינג און צו־שטעלן נאָך בולבעס, און די וועלכע האָבן ניט קיין סיטס וועלן קענען עסן שטייענדיג.

צום סאָף פון דער לעקציע, וועלכע איז שוין באַגלייט געוואָרן מיט אַ געבראַזג פון גאָפּל, מעסער און טעלער, וואָס מ׳האָט געהאַלטן אין איין טראָגן פון קיך, האָט דער לעקטאָר אָנגעוויזן ווי די „אַמבאַ־סאַדאָרן" פון קולטור אויף דער אידישער גאַס, פאַרשוועכן אַזוי אוונטן, וואָס וואָלטן געקאָנט זיין שיין איינדרוקספול און גוט באַזוכט.

— וואָס? גוט באַזוכט — איז אויפגעשפּרונגען דער „אַמבאַ־סאַדאָר" זיך צו פאַרטיידיקן, איר ווייסט פאַרוואָס דאָ איז היינט פאַראַן אַזאַ גרויסער עולם? דאָס זיינען געקומען אַלץ מענטשן צו זען, אויב עמיצער וועט קומען צו אַ לעקציע אין אַ פראָסטן דאָנערשטיק... ווען מ׳זאָגט אייך, אַז איר קאָנט ניט אונזער שטעטל, שפּאַרט זיך ניט, מיר ווייסן בעסער, ס׳ארבעט ניט און דאַטס־אָל!

# געמאכט א לייטישע ציטונג

אין ראָזענוואַסער'ס קענדי־סטאָר איז שטענדיק ביזי. א פּאר־בייגייער קאָן מיינען, אז דאָס געשעפט באָדט זיך אין גאָלד. אָבער איך טרעפט דאָרט אַלע טאָג די זעלביקע פּנים'ער: דאָס זיינען „קאָס־טימער", וואָס קומען אריין דיסקוטירן „פּאָליטיקס". אַלע וועלט־פּראָבלעמען ווערן פאַרהאַנדלט און געלייזט ארום דעם קאָנטער, פונ־וואַנען ס'קאַפּעט שטענדיק מיט זיסע פּליסיקייטן און וואו פליגן האַלטן גרויסע מאַסן־מיטינגען...

די שטענדיקע „קאָסטימער" זיינען מיסטער ראָזענוואַסער'ס לאַנדסלייט, וועלכע פּאַטראָניזירן אים. זיי וועלן אין קיין אַנדער קענדי־סטאָר ניט אריינגיין אפילו נאָך א שוועבעלע אָדער פּאַנאַנ־דערבייטן א דאַים אף צוויי ניקלס...

טאָג־איין טאָג־אויס קומען זיי צו — פריער צום ציטונגס־סטענד, קוקן דורך אַלע ציטונגען, דערנאָך פאַרטרינקט מען אינעווייניק מיט א גלעזל „פלעין" און מ'זעצט זיך ארום קאָנטער.

די לאַנדסלייט וויסן שוין, אז אין ראָזענוואַסערס קענדי־סטאָר טרעפט מען נאָכעמטשען מיט די גראָבע ברילן, יאַנקל זאַהיקע, מוישע פּיליבוסטער, מאָטע צו־לעהאַכעס, נאָטע טומטום און נאָך לאַנדס־לייט מיט צונעמענישן, וואָס זיי האָבן זיך איינע די אַנדערע געגעבן שוין דאָ אין אַמעריקע דורך די אַלע יאָרן, וואָס זיי „פּאַטראָניזירן" ראָזענוואַסער'ס קענדי־סטאָר...

מיסטער ראָזענוואַסער איז אָבער דאַווקע צופרידן פון זיינע שטענדיקע קאָסטימער. אמאָל, מיט יאָרן צוריק, איז ער געווען א סאָציאַליסט, געאַרבעט אין שאַפּ אַלס פּרעסער, ביז — ער האָט גע־קראָגן רומאַטיזם אין די פיס און ניט געקאָנט שטיין מער ביים פּרעס־אייזן. די לאַנדסלייט האָב דאַן פאַר אים איינגעהאַנדלט די קענדי־סטאָר און צוגעזאָגט פּאַטראָניזירן.

א גרויסע צאָל קאָסטימער האָט זיך אָבער דורך דער צייט ארויפ־געאַרבעט און זיך ארויסגעקליבן פון דער געגנט — ווער אַפּ־טאַון און ווער קיין ברוקלין. דערפאַר זיינען אים אזוי ליב די עטלעכע פאַרבליבענע אויף דער איסט־סאַיד, וועלכע פּאַרלאָזן אים ניט...

מיסטער ראָזענוואַסער האָט ליב צו הערן, ווי זיי שמועסן „פּאָ־ליטיקס“. „אויב“, זאָגט ער, „ס׳איז מיר שווער צו גיין צו דער באַוועגונג, בין איך כאָטש צופרידן, וואָס איך האָב אַ שטיקל באַוועגונג אַרום זיך“...

אָבער גאָרניט צופרידן פון דער „באַוועגונג“ איז ראָזנוואַסער׳ס זונדל. דער יונגער ראָזענוואַסער איז אַ באַוואוסטזיניקער באָכערל. ער איז געצוואונגען צו שטיין מיטן טאַטן אין קרעמל און הערן די טאָג־טעגלעכע פּלוידערייען פון די „געוועזענע“...

דער עלטערער ראָזענוואַסער איז אויך ניט צופרידן, וואָס ער מוז איבער די רומאַטישע פיס האַלטן זיין זון אין סטאָר. ער באַקלאָגט זיך אָפּט פאַר זיינע לאַנדסלייט, אַז ער, דער זונדעלע, שטעלט אים בעדאַלעס. ער איז אַ קאָמוניסט. געלט ליגט אים ניט אין דער ליג־קער פּיאַטע.

— איר זעט, — ווייזט ער זיי אָן, — ווי דאָס גיסט אַריין אַ האַלבע גלאָז סירופּ צו אַ קאָסטימער אין אַ סאָדע־וואַסער, אָט שטופּט ער אַריין נאָר אַ פולן לעפל אייז־קרים. אים אַרט דען פּראָפיט?

דערצו ערגערט זיך זייער דער אַלטער ראָזענוואַסער פון דעם, וואָס, ווען דער זונדעלע שטייט ביים קאָנטער, שטעלט ער אַרוים סאָמע אויבן־אָן דעם „מאָרגן־שטערן“, דעם „דעילי סטאַר“ און אַנדערע אַזוינע אויסגאַבן. ער, דער אַלטער סאָציאַליסט, האָט גראָדע ליב זיי צו פאַררוקן אין אַ ווינקל.

אָבער מער פון אַלץ טוט אים ווי, וואָס דער זון מאַכט עפּעס אַלעמאָל אַזאַ קונצעלע און לייגט אַריין אַלטע רויטע נומערן צווישן די טעגלעכע באַלעבאַטישע אויסגאַבן.

גאָר פּריילעך ווערט שוין אין סטאָרקע, ווען מאָטע צו־לעהאַכעס נעמט „טיזן“ דעם אַלטן ראָזנוואַסערן:

— איר מיינט, אַז בלויז דאָס טוט ער אייך אָפּ דער זון אייע־רער? און וויפיל ניקלס און דאַימס גיט ער אַוועק די קאָמוניסטן? און וויפיל קאָסטימער, מיינט איר, האָט ער שוין פאַרטריבן דורך דעם, וואָס ער זאָגט זיי, זיי זאָלן לייענען די אַרבעטער־פּעיפּערס, און ניט די דזשאָנקס?

נאָכעמטשע מישט זיך אַריין:

— מיר וועט ער מיין אַלטן פּעיפּער, „דעם פּויק“, ניט פאַרמי־איסן. איך קאָן שוין אָן אים ניט לעבן, ווי אָן מיינע ברילן.

אז מוישע פיליבוסטער כאַפּט דאָס וואָרט, ווערט שוין מאָטע צו־לעהאַבעס אַ גאַנצער לינקער און שיסט מיט פּראַזן אויף אַנצוציען פיליבוסטער׳ן. די „פּאָליטיקס“ אין סטאָר קלעפּט זיך דאַן, ווי אַ שטיין צו הימל. אָבער דער אַלטער ראָזענוואַסער שטייט און קוועלט.

מער פעלט ניט, אז מוישע פיליבוסטער זאָל כאַפּן דאָס וואָרט. דעמאָלט רעדט מען שוין מער ניט, נאָר איינער שרייט אריבער דעם צווייטן. מען כאַפּט אָפּ דעם אָטעם מיט אַ גלעזל „פּלעין“ און מען שרייט ווידער.

דער איינציקער, וואָס בלייבט הינטערשטעליק אין שרייען, איז נאָכעמטשע מיט די גראָבע ברילן. ער איז שטענדיק הייזעריק — פון ווענן אריבערשרייען...

רואיק שטייט נאָר נאָטע טומטום און באַמקעט צו, אז ביידע זיינען גערעכט. יאַנקל זאַהיקע, ווידער, קעמפּט פאַר זיין וואָרט... די סטאָר גייט אויף רעדלעך...

נאָכעמטשע מיט די ברילן קומט אַלע מאָל דער ערשטער אין סטאָר. ער וויל אריינכאַפּן אַ שמועס מיט ראָזענוואַסער׳ן איידער פיליבוסטער קומט אריין און פאַרגראַגערט אַלעמען. נאָכעמטשע ווייסט, אז ראָזענוואַסער האָט קיין צייט ניט צו לייענען, גיט ער אים איבער אַלץ, וואָס ער האָט געלייענט ביים ציטונגס־סטענד אין „פּויק“. אז נאָטע טומטום געפינט זיך דערביי, נעמט ער זיך דינגען, אז די נייעס איז נאָר געווען אינם „טרומייט“, און יאַנקל זאַהיקע באַשטייט, אז נאָר דער „טראָמבאָן“ האָט געהאַט די נייעס.

נאָכעמטשע מיט די ברילן גיט זיי אָבער ניט נאָך. ער איז, זאָגט ער, אַ „פּויק“־לייענער פונם ערשטן טאָג, און אים קאָן קיינער ניט בלאָפן.

ווען נאָכעמטשע וויל ביגנייווע כאַפּן אַ קוק אין דער „מאָרגן־שטערן“, פאַרמאַכט ער זיך אין טעלעפאָן־ביידל. און ווען ער קומט ארויס אַ באַגאַסענער מיט שוויים, שפּאַסט דער יונגער ראָזענוואַסער:

— נאָכעמטשע, נו, איר האָט געקראָגן דעם נומער?...

איין זאַך קאָן נאָכעמטשע ניט פאַרגעבן און ער טיינעט אַלעמאָל מיטן אַלטן ראָזעוואַסער׳ן:

— ווי קומט אין אַזאַ אָרימער ציטונג, ווי דער „מאָרגן שטערן“, אַזעלכע שרייבער? זיי האָבן דאָך גאָרניט קיין „פּעידע“?

— ניט געזאָרגט, — טרייסט אים דער אַלטער ראָזענוואַסער,

— צ׳אַלרייט. סאָף־קאַל־סאָף, אויב זיי וועלן נאָר וועלן האָבן „פּעידע", וועלן זיי מוזן קומען צום „פּויק".

איין אָוונט, ווען מוישע פּיליבוסטער האָט פאַרכאַפּט דאָס וואָרט און אַלע ארום זיינען געשטאַנען און פּרובירט אריבערשרייען איינע די אַנדערע, איז נאַכעמטשע מיט די ברילן אריינגעלאָפן א פאַרשוויצ־טער, מיט א „פּויק" אין האַנט. ער האָט גענומען אַזוי קוויטשען מיט זיין הייזעריק כאַלעכל, אַז אפילע מוישע פּיליבוסטער איז אַנט־שווינגן געוואָרן.

— זעט נאָר, זעט, — האָט נאַכעמטשע געטייטלט מיטן פינגער אויף אַן אַרטיקל אין „פּויק" און געוואָרפן זיין בליק אויפן יונגן ראָזענוואַסער, — ער שרייט אַלע מאָל, אַז דער „פּויק" שרייבט נים פאַר די אַרבעטער. אַנו, זאָל ער מיר ווייזן א בעסערן אַרטיקל אין דעם „מאָרגן־שטערן", ווי אָט־אָ־דער. גיט נאָר א קוק, ס׳איז דאָך מיט גאָלד צו גלייך!

יאַנקל זאַהיקע האָט זיך גענומען באַלד דינגען:

ס־מ־מ־ו־ז דאָס זיין דער „ט־ט־ראָמ־בבב־אָן" — אויב ס׳איז א גוטער אַר־טי־קל...

נאַכעמטשע האָט אָבער באַלד גענומען טאַנצן פון פרייד, ווען ער האָט א מיש געטאָן א צווייטע זייט. ער האָט דערזען אין „פּויק" אַרטיקלען פון באַרימטע רויטע שרייבער.

מיסטער ראָזענוואַסער איז באַלד ארויסגעקראָכן פון הינטערן קאַנטער:

— נו, וואָס האָב איך געזאָגט? פאַר „פּעידע" וועלן זיי מוזן קומען צום „פּויק".

נאָר ווי גיך ער האָט א וואָרף געטאָן זיין אויג אויף דער ציי־טונג, האָט ער אויך אוואָרף געטאָן א קאָסאָקע אויג אויף זיין זו־נעלע און זיך צעלאַכט מיט יאַשטשערקעס:

— נו, קאָן מען לעבן פון מיין זון? ער האָט שוין ווידער אריינגעלייגט זייטלעך פון אַלטע נומערן „מאָרגן־שטערן" אין „פּויק", „טרומייט" און „טראָמבאָן".

דער אַלטער ראָזענוואַסער האָט מיט כאַס א וויש געטאָן דעם פאַרוויקסטן קאַנטער:

— ניט אַנדערש, דער יונג וויל מיך רואינירן?...

ער האָט דערביי זיך געווענדעט צום זון:

— ווער בעט דיך צוגעבן דעם „פּויס“ נאָך שרייבער? ער האָט פּלענטי אייגענע, פּלענטי!

נאָכעמטשע מיט די ברילן האָט א כאַפּ געטאָן די זייטלעך פונם אלטן נומער „מארגן־שטערן“, אריינגעלאָפן אין טעלעפאָן־ביידל און זיך פארמאַכט.

דער יונגער ראָזנוואסער האָט הארציק געלאכט: נאָכעמטשע, איר האָט איצט דעם ריכטיקן נומער!...

# קאָרטן — „פאַר א הייליקן צוועק"

מיין לענדלעדי, מיסעס יעטאַ צוויבל, דאַכט זיך, טוט ניט קיין סאַך, נאָר פונדעסטוועגן אַרבעט זי גאַנץ שווער. זי עסט, זי טרינקט שפּילט אין קאָרטן, שילט די דינסט און זיצט אין „ביוטי־פּאַרלאָר"...

ביים קאָרטן־טיש איז מען מיט איר היימיש און מען רופט זי „מיסעס סטעיק". עס קאָן זיין, אַז דער נאָמען „סטעיק" נעמט זיך דערפון, וואָס זי האָט ליב צו שפּילן סווימ־סטעיקס.

זי קאָן אַלע „געימס", אַלע נעמען פון די רעיס־פערדלעך און פון די הינט. אַפילו איר מאַן און די קינדער רופט זי אויך אָפט מיט די נעמען פון אירע באַליבטע פערדלעך און הינט.

אָבער דאָס בעסטע האָט זי ליב צו שפּילן קאָרטן. זי וויל זיך ניט שטענדיג פאַרלאָזן אויפן מאַזל פון פרעמדע פערדלעך, שפּילט זי קאָרטן אויף איר אייגענעם מאַזל...

מיין לענדלעדי, שפּילט אָבער ניט גלאַט אַזוי אין קאָרטן. אַלע מאָל, זאָגט זי, שפּילט זי פאַר א וויכטיגן צוועק. זונטאָג שפּילט זי פאַר אויפהאַלטן דעם ראַוו, מאָנטאָג — פאַר אַן אָרימער קאַלע, דינסטאָג — פאַר א האָספּיטאַל, מיטוואָך — פאַר ערעץ איסראָעל ערד, דאָנערשטיק — פאַר שקאָלים, פרייטיק — פאַר די אָרימע לאַנדס־לייט, שבת מאַטינע — פאַר דער שול, און שאַבייסצונאַכט פאַר דער בעוורע.

ניט איינמאָל זעצט זיך אָבער די מיסעס צוויבל און שפּילט אריין „פאַר א צוועק", אַזוי א טאָג מיט צוויי נעכט און אַמאָל — נאָך מיט אָווערטאַים.

אין דער היים לאָזט זי וויסן דעם מאַן און די קינדער דורך טעלעפאָן, אַז זי געפינט זיך ביי אירן א קאָרעוו, אָדער ביי דער פריינדינע, וועלכע גייט נעבעך שווער צו קינד...

מיסעס צוויבל ווייסט, אַז די דינסט וועט שוין גוט אַכטונג געבן אויף די קינדער, און אַז איר מאַן וועט זיך ווינציג ערגערן פון דעם, וואָס זי איז ניטאָ אין הויז. עס טרעפט אויך אָפט, אַז אויך ער, איר מאַן, זאָל אין דער זעלבער צייט אָפּרופן דורכן טעלעפאָן און אָנזאָגן אין הויז, אַז — ער איז זייער פאַרנומען ביי א וויכטיגן מי־

טינג פון די לאַנדסלייט... אָדער, אַז עמיצער פון די לאַנדסלייט איז געשטאָרבן און ער מוז העלפן באַזאָרגן די לעוואיע.

ביים קאָרטן־טיש איז מיסעס צוויבל די טשערלעידי. זי פּאַס־קענט אַלע שיילעס פון גוט־שפּילן און שלעכט־שפּילן, פון אַ גוטן און פאַלשן גאַנג. איבערהויפּט ווען מענער נעמען אַנטייל אין דער שפּיל, האָט זי ליב אַרויסצואווייזן זיך פאַר דער געלערנטער אין קאָרטן־שפּיל.

דעם צוועק אָבער, פאַר וועלכן מ'שפּילט, לאָזט זי אויף אַ מינוט ניט אַרויס פון מויל.

איינמאָל אין אַן אָוונט, צו אַ בענעפיט־שפּיל פאַר אַ טאַלמוד טוירע, וואו מיסעס צוויבל איז די פּרעזידענטיכע, האָט זי געפּרואווט איר מאַזל. דאָס מאָל, האָט זי געזאָגט, וועט זי מיט גאָט'ס הילף די אַלע מיטשפּילער „אויסטאָן פון די שיך". זי האָט געשטעלט איין גרויסע סומע נאָך דער צווייטער.

עס האָט אָבער לאַנג ניט גענומען, און זי האָט פאַרלוירן היפּשע סומעס. זי האָט אַרויסגעשלעפּט איין קניפּל נאָכן צווייטן און אַלץ איז געגאַנגען מיט דער פּוטער אַראָפּ.

זי איז אָבער אַ „ספּאָרט" און זי אַנטלויפט ניט פון אַ „געים", ווען אירע קניפּלעך האָבן זיך אויסגעלאָזן. האָט זי אַרונטערגעכאַפּט אַ דימענט־רינג פון פינגער און פאַרקויפט דאָס צו איינעם פון די מיטשפּילער, וועלכער האָט ווי אַ „ספּאָרט" ניט געשאַצטערהייט באַ־צאָלט 300 דאָלאַר.

ס'האָט לאַנג ניט גענומען, און זי האָט אויך פאַרלאָרן די סומע פון דעם רינג. אוועק איז זי אַהיים אַנצוזאָגן איר מאַן, אַז איר פריינדינע האָט — געמאַפּעלט...

נאָר כדי גוט צו מאַכן פאַרן מאַן איר פאַרזויערט פּאָנים פון ניט־דערשלאָפן און פון זאָרג איבער איר שלים־מאַזלדיקן שפּילן, איז זי אַריינגעקומען אין הויז מיט אַ פאַרטיגן אויסרייד:

— דו ווייסט, זאָגט זי צו איר מאַן מיט אַן אָנשטעל פון דער־שראָקענקייט — מ'האָט דאָך געמאַכט אַ האָלד־אַפּ אויף מיר.

זי האָט מיט טרערן אין די אויגן געוויזן דעם מאַן אירע פּאַמ־פּושקע־פינגער, אויף וועלכע ס'האָט געפעלט דער שיינער רינג, וואָס ער האָט איר געגעבן אַ מאַטאָנע נאָך פאַר דער כאַסענע.

געשטאַנען איז ער פאַרזאָרגט איבער זיינע אייגענע צאָרעס, וואָס דאָס מאָל איז אים געגאַנגען זייער שלעכט אין די קאָרטן, און ער האָט געהאַט אַ מיעסן אָפּשניט.

דאָך האָט ער זי גלייך גענומען טרייסטן: „זאָרג זיך ניט, מיין טייערע, די וועלט איז איצט פול מיט גנאַווים און האָלד־אַפּ׳ניקעס“. און ער האָט איר אָנגעוויזן, אַז אויך אויף אים האָט מען געמאַכט אַ „האָלד־אַפּ“, און צוגענומען זיין שפּילקע מיטן דימענט וואָס זי, זיין ווייב, האָט אים געקויפט — אַ מאַטאָנע צו דער כאַסענע.

— ניט געזאָרגט, — האָט ער זי געטרייסט — אויב דאָס וועט זיך ניט אָפּזוכן, וועל איך דיר קויפן אַן אַנדער רינג.

מיסטער צוויבל האָט גלייך געמאָלדן דער פּאָליציי וועגן דעם שרעקלעכן האָלד־אַפּ אויף זיין ווייב.

די פּאָליציי האָט זיך גלייך גענומען זוכן די רויבער, די צייטונ־גען האָבן געשריבן נייעס און די שכיינים האָבן גערעדט...

דער מיסטער האָזנפעל, וועלכער האָט ביים קאָרטן־טיש אָפּגע־קויפט דעם רינג און זיך ניט געוואָלט אַרומשלעפּן דערמיט אין קע־שענע, האָט דאָס אַריינגעטראָגן אין אַ פּאַין־שאָפּ און פאַרזעצט.

ווען די פּאָליציי האָט זיך וועגן דעם דערוואוסט דורך דער פּאַין־שאָפּ אַז דער רינג האָט זיך אָפּגעזוכט, זיינען זיי אַוועק צו מיסטער האָזנפעל׳ן, אים געלאָזט אַרעסטירן און געבראַכט מיסטער און מי־סעס צוויבלען צו דערקענען דעם האָלד־אַפּניק און דעם רינג.

מיסטער צוויבל איז געבליבן שטיין ווי פּאַראַליזירט, ווען ער האָט דערקאָנט דעם רינג, און אויך דעם „האָלד־אַפּ׳ניק“ — זיין אַלטן פריינט מיסטער האָזנפעל, מיט וועמען ער שפּילט אָפט אין קאָרטן.

די מיסעס צוויבל האָט ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן און וואָס צו טאָן. מיסטער האָזנפעל האָט אָבער גלייך אויפגעדעקט דעם סוד פון דעם „האָלד־אַפּ“, און ווי ס׳קומט צו אים דער רינג.

מיסטער צוויבל איז געשטאַנען און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי איינער וואָלט זאָגן: איצט פאַרשטיי איך שוין, אַז דאָס מאָל האָט גאָר געמאַפּלט, — מיין ווייב מיט אירע קניפּלעך און מיט דעם דימענט־רינג...

ער האָט אָבער אויף גיך געסעטלט דעם איניען און איז אַוועק־

געלאָפן באַוואָרענען, מ׳זאָל אַזוי אויך ניט פּאַקן די „האָלד־אַפּניקעס“ פון זיין גאָלדענער שפּילקע... ווייל אויך ער האָט פּאַרמאַשקענט זיין שפּילקע ביי אַ פריינט פאַר הונדערט דאָלאַר.

אָט אַזוי זיינען מיסטער און מיסעס צוויבל זיך מאַקריוו „פאַרן הייליקן צוועק“, דערפאַר אָבער וואו זיי קומען קריגן זיי דעם אויבן־אָן — באַם קאָרטן־טיש...

# אפן טאָג־אָרדנונג...

. . . מיסטער־טשערמאַן, אזוי רופט מען דעם פּאָרזיצער פון מיין לאָדזש, ניט נאָר רופט מען אים טשערמאַן באַם מיטינג, נאָר אפילע, ווען מ׳רופט אים צו מיטאָג — איז אויך מיסטער־טשערמאַן מאַן, ער איז אַלעמאָל טשערמאַן.

קיינעם פאַלט גאָר ניט איין צו לויפן געגן אים, וואָרום איינמאָל, ווען אַ צווייטער איז געלאָפן און דערוויילט געוואָרן, האָט דער מיסטער־טשערמאַן, אים געמאַכט אזויפיל „פּאָינט־אָוו־אָרדערס“, אַז יענער האָט געמוזט פאַרלאָזן די „טשער“ און דער מיסטער־טשערמאַן איז ווידער געוואָרן טשערמאַן.

באַם אויסמאַכן דעם טאָג־אָרדענונג זאָגט דער האָספּיטאַלער צו דעם מיסטער־טשערמאַן, אַז זיין באַריכט איז דער וויכטיקסטער, וואָרום צוליב באַלאַנגט מען איינגאַנצן צו אַ לאָדזש, אויב ניט צו קאָנען קריינקען ?... מוז ער באַריכטן צו ערשט ווער עס קריינקט, ווער ס׳האָלט באַם שטאַרבן און ווער ס׳דאַרף קריגן בענעפיט.

דער ליטעראַטור־אַגענט צעשרייט זיך גלייך: מיסטער־טשערמאַן, אַן קריינקען קאָן מען זיך באַגיין, ווען מ׳זאָל נאָר וויסן ווי צו זיין געזונט, ווען מענטשן זיינען ניט באַלעזן און אַן בילדונג איז מען ווי אַ לעבעדיגער מת, דערפאַר דאַרף זיין די ערשטע פראַגע — ליטעראַטור, ליטעראַטור מיסטער־טשערמאַן.

קומט צו דער פאָרשטייער פון דעם טעאַטער־אונטערנעמונג, גיט אַ בורטשע צום מיסטער טשערמאַן און נעמט גלייך אַ וואָרט — אויב מירן ניט מאַכן פאַר אַ דערפאָלג די אונטערנעמונג, וועלן מיר טאַקע האָבן אַ קריינק — אָבער ניט קיין בענעפיט, די ערשטע זאַך אפן טאָג־אָרדנונג, — קומט דער טעאַטער, יאָ, דער טעאַטער מיסטער־טשערמאַן.

צעקאָכט זיך אַ מיטגליד: „מיין פראַגע מיסטער טשערמאַן, מוז זיין די ערשטע“ און ער שטעלט זיך אוועק רעדן, פאַרוואָס ער דאַרף רעדן דער ערשטער:

איצט בין איך געשטראָכן, ווייל איך, איר זאָלט מיר צוריק ריינסטייטן, איך זאָל אייך נאָך היינט קאָנען זאָגן, וואָס איך האָב אפן הארצן...

די פּרויען־קאָמיטע, וועלכע האָט צוגעגרייט טיי מיט קעיק, באַשטייען אָבער אויף זייערס, מיסטער־טשערמאַן, שרייען זיי אין אַ כאָר — די אַלע פראַגן וועלן ניט קאַלט ווערן — אָבער די טיי ווערט קאַלט... מיסטער־טשערמאַן, און דער האַל־קיפּער דאַרף די גלעזער מיט די לעפעלעך פאַר אַ צווייטער לאַדזש.

דער דעלעגאַט פון דער קאָנפערענץ, טרעט אָבער ניט אָפּ: מיסטער־טשערמאַן, דאָס ערשטע און די וויכטיקסטע פראַגע, איז מיין באַריכט, ערשטנס, בין איך זיכער, אַז מ'וועט מוזן אָפּגעבן אַ גאַנצן אָוונט צו דיסקוטירן די פונקטן פון מיין באַריכט. צווייטנס, מוז איך גלייך אַוועקגיין צו אַ צווייטן מיטינג וואו איך מוז זיי אויך געבן אַ באַריכט מיסטער־טשערמאַן.

דער מיסטער־טשערמאַן, ווייס שוין אָבער די קונץ. ער ווייס שוין, אַז דער וואָס שרייט העכער, דער איז דער גערעכטער... פאַרשטייען די מיטגלידער אויך די קונץ און אַלע פּרובירן טאַקע אַריבערשרייען איינער דעם צווייטן, דער מיסטער־טשערמאַן פאַרלירט זיך אָבער ניט און שלאָגט פאַר, אַז מ'זאָל טאַקע רעדן בעציבער, ס'הייסט אַלע מיט אַמאָל — וועט מען גיכער פאַרטיק ווערן... און אַלע וועלן קאָנען קומען צום אויסדרוק.

דער איינציקער, וואָס שווייגט שטיל, איז דער פינאַנץ־סעקרעטאַר. ס'הייסט ער וויל יע עפּעס זאָגן און שרייט אַמאָל מיסטער־טשערמאַן. אָבער מער זאָגן קאָן ער ניט. די פערזן מיטגלידער, וועלכע ווילן באַצאָלן די בילס, ליגן אַלע ביי אים אַפן טיש און ער ליגט מיט דער נאָז אַף די ביכער.

דער איינציקער וואָס ראַטעוועט אים פון צייט צו צייט איז דער פּופּצענטער, וועלכער קומט אַריין שפּעט, גיט אַ וואַרף אַרונטער דעם מאַנטל, גיט מיט פרישע קויכעס אַ שאַר פאַנאַנדער די פערזן באַם טיש. גיט אַ רוק אונטער זיין ביל דעם סעקרעטאַר אונטערן נאָז און שרייט אויס דערביי: איך וויל טאַקע אַ וואָרט וועגן דעם מיסטער טשערמאַן.

אָבער ווי גיך ער באַצאָלט דעם ביל, ווערט ער אַן אַנדער מענטש. דאַן נעמט ער אַרומשפּאַנען פון מיטגליד צו מיטגליד, גיט אָפּ יעדן איינעם אַ ברייטן שאָלעם אַליכעם, פרעגט וועגן אַרבעט, געזונט און פאַמיליע. נאָר אַז דער מיסטער־טשערמאַן נעמט פּויקן מיטן האַמער, עס זאָל זיין שטיל, ווערט שוין דאָ דער מיטגליד ווידער ביין

און צושרייט זיך: וואָס איז דאָ, וואָס? קינדער שלאָפֿן דאָ, וואָס מ׳טאָר ניט רעדן אַ הויך־וואָרט?... וואָס מיינט איר קום איך אינ־גאַנצן צו אַ מיטינג, אויב ניט צו טרעפֿן זיך מיט אַ לאַנדסמאַן? איך וויל טאַקע אַ וואָרט וועגן דעם מיסטער־טשערמאַן.

ווען דער זייגער ווערט שוין האַלב נאָך צוועלף און דער מיסטער־טשערמאַן וויל נעמען צו שטימען, אַז די אַלע פֿראַגן זאָלן איבערגיין צו דער עקזעקוטיוו, כאַפּט ער זיך, אַז ס׳איז פֿאַראַן בלויז זעקס מיטגלידער, די אַנדערע זיינען אַרויס אין קאָרידאָר כאַפּן אַ שמועס. ניט ער אַ שטאַרקן קלאַפּ מיטן האַמער צו דעם ליטעראַטור־אַגענט, וועלכער שטייט ביי דער טיר:

— סעי, זאָג זיי דאָרטן, זיי זאָלן אַריינקומען צום מיטינג, וועלן מיר אים קאָנען געזעצלעך שליסן...

# אומפּאַרטייאישע...

א דיכטער איז געגליכן צו א געשעפטסמאַן, אזוי טיינעט שטענ־דיק דער שרייבער, מיסטער ביכלער. ער דאַרף צופרידנשטעלן אַלע זיינע קאַסטימער און, אז מ׳שרייבט אַ, זאָגט ער, א ליד, מוז מען האָבן אינזינען, אַז עס זאָל באפרידיקן אַלע ריכטונגען. ניט ווי א רעכטער שוך, ווייזט ער אָן, וואָס טויג ניט פאַר דער לינקער פוס און דאָס אייגענע פאַרקערט. איר פאַרשטייט, מ׳קאָן קיינמאָל ניט ווייסן וואָס דער מאָרגן ברייגגט. איר זעט, אָט איז די לינקע פוס פאָראויס, אָט איז די רעכטע, אָט גייט מען אהער און אָט אהין, האַלט איך, אז א דיכטער דאַרף גיין וואו ס׳לאָזט זיך.

איז טאַקע דער מיסטער ביכלער געגאַנגען מיט אַלעמען און צו אַלעמען. אין רעסטאָראַן פרעגט ער קיינמאָל ניט א מיידל, וואָס איר „איזם“ איז, נאָר — צי זי וועט באַצאָלן פאַ רזיין קאַפע, ווייל — קעיק האָט ער שוין גענומען אויף עמיצנס אנדערש טשעק... ער איז אומפּאַרטייאיש...

ווען מיסטער ביכלער איז אַנומעלטן געקומען אין א שטעטל פּאַרקויפן זיין לעצטע ווערק, „וואָס מיר זיינען — זיינען מיר“, האָט ער צומערשטן ארומגעטרימט די ציאָניסטן. זיי, זאָגט ער, זיינען אידן מיט א טולער. דערצו, האָבן זיי הייזער מיט א קאַמין און אפן קאַמין — אַזאַ פּאַליצע, וואָס מוז האָבן ביכער אַף זיך, צי מ׳לייענט זיי, צי ניט...

ווען ער האָט שוין ביי די ציאָניסטן באַזאָרגט די שראַנקען, קאַמינען און פּאַליצעס מיט ביכער, האָט ער זיך מיט זיי צעקריגט און איז אוועק צו די אַנאַרכיסטן — ער איז אומפּאַרטייאיש...

ביי די אַנאַרכיסטן, זאָגט ער, איז אויך ניט צו פאַרזינדיקן, מ׳קען אויך זען א טולער, איבערהויפּט ווען ער קומט צו זיי מיט אַ באַרג מיט סוידעס פון דעם ציאָניסטישן לאַגער, ווערט גלייך אראַנ־זשירט א באַנקעט און מ׳אַדווערטייזט, אַז די אַנאַרכיסטן איז געלונ־גען צו קריגן א גאַסט פון ניו־יאָרק, דעם באַרימטן דיכטער מיסטער ביכלער.

ווען ער איז שוין פאַרטיק אויך מיט די אַנאַרכיסטישע קאָס־

טימער און ס'איז שוין ניטאָ ביי וועמען פון זיי צו לייזן, קומט ער מיט אַ קלאָג צו די סאָציאַליסטן. געפּאָרן, זאָגט ער, איז ער גלייך צו זיי, נאָר די ציאָניסטן, האָבן אים פאַרפירט צו די אַנאַרכיסטן, און — ביז וואָס־ווען, האָט ער געמוזט צוליב זיין אומפּאַרטייאישקייט, אָפּקומען ביי זיי אַ באַנקעט, אָבער זיין נעשאָמע, זיין אידעאַל איז פאַרבונדן מיט די סאָציאַליסטן. אַ סימען, איר זעט אָ, מישט ער גלייך אויף איינע פון די בלעטלעך אין זיין ווערק — און ווייזט זיי, ווי ער זאָגט נעוויעס, אַז ס'וועט קומען נאָכ'ן מאַנטיק — אַ דינסטיק, וואָס דאָס מיינט אַ רעמעז אויף סאָציאַליזם...

עסט ער שוין, טרינקט שוין און באַנקעטעוועט שוין ביי די סאָציאַליסטן, ביז — אַלע האָבן שוין געקויפט זיין אומפּאַרטייאישע ווערק.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן כאַפּט ער שוין אַ שמועס אין דעם קאָשערן דעליקאַטעסן סטאָר מיט אַ אידן, וואָס רעדט עפּעס ווי אַ ליט־קער.

זעט, ווי אַזוי זיינען עפּעס ביי אייך די לינקע? כ'מיין, די רויטע? מוזן געווים זיין וואוילע מענטשן, פאַרוואָס ניט? ווער, ווער, פירט דאָ ביי זיי אַ רעדל? אַזוי, אַזוי, קאַבצאָנים? נו, טאַקע, ווער האָט דאָס צו טאָן מיט קאַבצאָנים? וואָס דען, עפּעס רייכע מענטשן וועלן דאָרט זיין? אַזוי, זיי האָבן ניט קיין איין באַלעבאַטישן אידן מיט אַ הויז, מיט... זעט, און וואו האַלטן זיי די ביכער? טאַקע ניטאָ וועגן וועמען צו רעדן, אַלע פאַרטייאישע. זעט נאָר, און די פּאָאַלעי ציאָניסטן, פּעצעקעס, עפּעס פאַראַן דאָ? יאָ, ס'איז ווערט צו באַקאַנען זיך מיט זיי?

אָט אַזוי קריגט ער די פולע אינפאָרמאַציע ביי דעם אידן.

אַף מאָרגן, ווייסן שוין די פּאָאַלעי־ציאָניסטן פון אַלץ וואָס עס טוט זיך ביי די סאָציאַליסטן און דער אומפּאַרטייאישער מיסטער ביכלער זיצט שוין ביי אַ פרישן באַנקעט... זינגט זיי קאָמפּלימענטן, אַז זיי — זיינען די בעסטע לייענער פונם גוטן בוך.

פון איין זאַך נאָר פילט זיך מיסטער ביכלער ניט באַקוועם: אין יעדער שטעטל זיינען פאַראַן מענטשן, וואָס פעדלען מיט „אידעאַלן" און לויפן פון איין באַוועגונג צו אַ צווייטער — אַריינכאַפּן אַ פּאָר טולער, און דאָס, זעט איר, שאַט אים צו זיינע געשעפטן.

אזוי איז אים אויסגעקומען צו טרעפן זיך מיט דעם מיסטער גרינצייג ביי אַלע באַנקעטן. מיסטער ביכלער האָט געהערט ווי מיסטער גרינצייג לויבט זיין נייע באַוועגונג, ווי אַזוי ער פילט זיך ווי אַ פיש אין וואַסער און — וועט איר דינען מיט לייב און לעבן. אַ וואָך שפּעטער, האָט ער שוין די זעלביקע דראָשע געהאַלטן אין אַ צווייטער אָרגאַניזאַציע און — ווידער געלויבט און געבאָרגט געלט...

פונקט אַזוי האָט אויך מיסטער גרינצייג געהערט פון מיסטער ביכלערן ביי אַלע באַנקעטן זינגען זיי לויב־געזאַנגען און דערקלערן זיי פאַר די קולטורעלסטע און בעסטע קאַסטימער פון זיינע ווערק... און, אַז די אַלע פריערדיקע זיינען גראָבע יונגען און וואָס ניט?

אַז ביידע האָבן זיך איינמאָל געזעצט פּלאַץ באַגעגנט ביי איין טיש, האָבן זיי זיך אַ ווײַלע אָנגעקוקט, פון ביידנס מײַלער איז אַרויסגעפלויגן די זעלביקע ווערטער:

— איר זיינט מיר עפּעס זייער באַקאַנט? וואו האָבן מיר זיך געטראָפן? דאָס זיינט איר דער אומפּאַרטייאישער?...

זיי האָבן אָבער לאַנג ניט געשמועסט, זיי זיינען אַוועק זוכן אַ נייע שטעטל פאַר זיך... און זיי וועלן זיך נאָך אַזוי טרעפן. דאָס זיינען פויגלען פון איין מין — זוכן וואו אַ פּיק צו טאָן...

# לאטקעס...

ווי צוויי הונגעריקע וועלף, אזוי האָבן אויסגעזען הערשל און יאָסל, שפּאַנענדיג אהיים נאָך א גאַנצן פרימאָרגן ארומזוכן ארבעט. דער זייגער איז שוין געווען נאָך איינס און זיי האָבן נאָך די ליפּן ניט באַנעצט — אפילו מיט א גלעזל קאַפע.

אינסטינקטיוו האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט ביי יעדן שפּייז־געשעפט.

רופט זיך אָפּ יאָסל, שטייענדיק ביי א פיש־קראָם: „אָט דאָס פישל וואָלט איך געוואָלט א געפּרעגלטס ביי מיר אפן טעלער".

— און איך — זאָגט הערשל — וואָלט געוואָלט זען אָט־אָ־דעם פיש א געפילטן און ארומגעלייגט מיט מערן־פּענצלעך.

ווען זיי האָבן אין א צווייטן פענצטער דערזען א בילד פון א קויש מיט פּרוכט, האָט הערשל גענומען אויסרעכענען, ווי לאַנג ס'וואָלט אים גענומען אויסצולייזיקן דעם קויש... יאָסל האָט זיך דערווייל צוגעכאַפּט צו א פענסטער, וואו עס זיינען געלעגן שיינע כאַלעס און בולקעס. ער האָט אינסטינקטיוו גענומען קייען אויף ביידע זייטן באַקן.

אזוי זיינען ביידע געגאַנגען גאַס־איין, גאַס־אויס. וואָס מער זיי האָבן געקוקט אין די פענצטער, אַלץ מער האָבן געטריקנט זייערע ליפּן.

— איז וויפיל האָסטו געלט? — האָט הערשל פּלוצלונג א פרעג געטאָן יאָסלען.

— די זעלביקע סומע ווי דו — האָט יאָסל א וואָרף געטאָן די עטלעכע סענטן אין קעשענע — אָבער אַלץ ניט מער, ווי די 10 סענט.

10 סענט — האָט הערשל גענומען קייען די ווערטער — 10 סענט. טאָ וואָס קאָנען מיר קריגן פאַר 10 סענט? א סענדוויטש און א גלאָז קאַלטע וואסער, א שטיקל קעיק מיט א גלאָז מילך אָדער, לאָמיר גאָר אריינגיין אין א קראָם קויפן א ברויטל מיט צוויי עפּל?

— ווייסטו גאָר וואָס — האָט יאָסל אויפגעשיינט פון זיינעם אַן איינפאַל — איך האָב א טאַנטע איז זי אַן אמת'ע טשאַריטי־אינסטיטוציע. פון איר הויז גייט מען קיינמאָל הונגעריק ניט ארויס.

לאָמיר פאַר די 10 סענטיקעס צופאָרן צו איר און — מיר וועלן שוין האָבן וואָס צו עסן.

— וואויל ווי די וועלט — האָט הערשל אים אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע — קום שוין פאָרן.

זיי האָבן אַריינגעוואָרפן זייערע ניקלס אין דער מאַשינקע, זיך אַוועקגעזעצט אין דער באַן און געשלונגען מיט זייערע אויגן די פּיינע, אַנאָנסירטע שפּייזן אויף די שאָו־קאַרטס.

אַרויסגייענדיק פון דער סאַבוועי, האָט יאָסל אַלץ אויסגערעכנט, וואָס ער האָט אָנומעלטן געזען ביי דער טאַנטע אין אייז־קאַסטן.

— זיי האָבן פון אַלדאָסגוטס — האָט יאָסל געהאַלטן אין איין דערציילן וועגן זיין טאַנטע — ס'איז בלויז ניט שיין, וואָס מיר גייען ניט אָנגעטאָן ווי מענטשן.

ביידע האָבן דערביי אַ וואָרף געטאָן זייערע בליקן איינע אויף די אַנדערע, אַ פאַרשאַר געטאָן זיך די האָר און אַרומגעווישט די ווינקלען פון די טרוקענע ליפּן.

ווען זיי האָבן דערהערט אַן ענטפער אויף זייער קלונג אין טיר, האָבן זיי פון גרויס פריידאַ זיך אַ קניפּ געטאָן איינער דעם צווייטן.

די טאַנטע האָט יאָסלען מיט זיין פריינט פיין אויפגענומען, זי האָט זיי פאַרבעטן אין אויפנאַם־צימער, אָבער זיי האָט געצויגן צו דער קיך. ביידע האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביים קיך־טיש...

ווען יאָסל האָט געענטפערט דער טאַנטע אויף אירע פראַגן וועגן מישפּאָכע, כאַיונע, לאַנדסלייט, האָט הערשל מיט זיינע אויגן געהאַלטן אין איין מעסטן דעם אייז־קאַסטן.

ענדלעך האָט הערשל אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ פראַגע: — אַט־דער קאַסטן אַרבעט מיט עלעקטריק צי מיט גאַז ?...

די טאַנטע איז צוגעגאַנגען, צעעפנט דאָס טירל און געוויזן די צוויי נעסט, ווי דאָס אַרבעט. זייערע אויגן האָבן אָבער געזען נאָר איין זאַך — שפּייז, קעז, פּוטער, מילך, שוואַרצע יאַגעדעס קאַוויאַר.

הערשל האָט ניט ווילענדיק אַ געשריי געטאָן: — ווייי איז מיר, דאָס איז דאָך אַ גאַנצע קראָם. אַזויפיל עסן ?

די טאַנטע האָט געלאָסן צוגעמאַכט דאָס טירל און מיט אַ האַלב־מויל אַ פרעג געטאָן:

— איר זיינט אפשר הונגעריק ? מאַכן עפּעס עסן ?

הערשל האָט ווי אַ פאַרלוירענער אַ שטאַמל געטאָן: — עסן?
אַ דאַנק! מיר זיינען ניט אַזוי שטאַרק הונגעריק.

יאָסל האָט שוין געמוזט נאָכהאַלטן הערשלען און ער האָט אויך אַ מורמל געטאָן:

— ניט געפערלעך, פון הונגער שטאַרבט מען ניט.

נאָך אַ לאַנגן שמועס, האָט יאָסל פּלוצלונג אַ זאָג געטאָן:

— איר הערט, טאַנטע, איך האָב היינט דערמאָנט פאַר מיין פריינט הערשלען, ווי אַזוי איר פלעגט אַמאָל מאַכן לאַטקעס. אַי, אייערע לאַטקעס האָבן דאָך געהאַט אַ שעם ביי דער מישפּאָכע. איך געדיינקט נאָך די אַמאָליקע לאַטקעס פון יוראָפּ? אַי. אַי. אַי...

יאָסל האָט מורא געהאַט אַז הערשל זאָל ווידער ניט אַריינקריכן אין אַ בלאָטע, האָט ער גלייך פאַרכאַפּט: „וואָלט טאַקע געוועזן קעדאַי צו זען, צי איר האָט נאָך ניט פאַרגעסן ווי צו מאַכן אייערע באַרימטע לאַטקעס".

די טאַנטע, אַ צופרידענע פון'ם קאָמפּלימענט, האָט גלייך צעקלאַפּט אַן איי, אַ מיש געטאָן מיט אַ ביסל מאַצע־מעל און אַריינגעטאָן אַביסל מילך, אַזוי אין אַ פּאָר מינוט האָט זי דערלאַנגט אויף צוויי טעצלעך צו צוויי ברוינינקע, דאַרע לאַטקעלעך.

הערשל און יאָסל זיינען געזעסן מיט די שפּיציקע גאָפּלען און שאַרפע מעסערס, געשניטן פעניצלעך און געקוקט, וואָס עס וועט ווייטער זיין.

יאָסל האָט געגעבן אָנצוהערן:

— טאַנטע, אייערע סעמפּלס זיינען וואונדערבאַר. זיי קאָנען גיין אין מאַרקעט אין די הונדערטער...

הערשל האָט דערביי צוגעלייגט:

— איר ווייסט, ביי אונז אין דער היים פלעגט מען עסן לאַטקעס מיט ברויט. ווי געפעלט אייך דאָס?

מיט ברויט? — האָט די טאַנטע אַ קרים געטאָן מיט דער נאָז — איר ווייסט דאָך, די קבצנים האָבן ליב געהאַט אַלץ צו עסן מיט ברויט. ביי אונז פלעגן די אָרימעלייט עסן אפילו בולקע מיט ברויט — אויב זיי האָבן געהאַט...

יאָסל און הערשל האָבן געשניטן פּאַסיקלעך, שפּיצעלעך, ברעקעלעך פון די צוויי לאַטקעלעך און זיי, די לאַטקעלעך, זיינען געוואָרן אַלץ קלענער, קלענער און קלענער...

ביידע, יאָסל און הערשל, זיינען צום סוף געבליבן זיצן מיט נאָפּל־מעסער אין האַנט, גרייט איינצושליינגען דאָס גאַנצע עסן אין אייז־באָקס. די טאַנטע האָט זיי אָבער פאַרבעטן אין פראָנט־רום צו ווייזן די נייע ראַדיאָ־מאַשין. זי האָט אָנגעשטעלט די מאַשין, און די ערשטע זאַך, האָט מען דערהערט פון דעם אַנאָנסער: אויב איר ווילט זיין געזונט און שטאַרק, פאַרפעלט ניט צו יעדער מאָל־צייט א גלעזל פון אונזער גוטן וויין.

ווי פון א שטאַרקן קראַמף זיינען זיי אויפגעשפּרונגען, א זאָג־געטאָן „גוט־באַי" און פאַרקרימטערהייט באַדאַנקט פאַר די לאַטקעס...

זיי זיינען אַרויס אויף דער גאַס, צוזאַמענגעלייגט ביידע ניקלס, געקויפט א ברויטל און שוין נייענדיק צופוס אַהיים, האָבן זיי אויפ־געלאָזן דעם צאָרן צום פאַרשוואַרצטן פּאַמפּערניקל.

# א שטימע פון פאָלק...

פאַרוואָס איך שריי, פרעגט איר? טאָקע דערפאַר, וואָס מ׳הייסט מיך שווייגן. הערט אַ געשיכטע: אַן איירישמאַן — מעג האָבן אַ רויטע נאָז, אַ פּאָליאַק — מעג האָבן אַ פּאַריסענע נאָז, אַ דייטש — מעג האָבן פּליגן אין נאָז, נאָר טאָמער האָט איד אויך אַ נאָז — שרייט מען: וואו שטופּסטו דיין נאָז?... ביזט אַ איד, ליג איינגע־לייגט, שווייג!

און ווער פרעגט איר, שרייט? און ווער, איך בעט אייך, שרייט ניט? דער אַנטיסעמיט שרייט: איד — באַנקיר און איד — קאָמוניסט — שווייג! דאָ, זאָגן זיי, וויל איד ניט אַרבעטן און דאָ — טאָר מען אידן ניט דערלאָזן צו אַרבעט. וויל איך אַ געשריי טאָן: ליגנער, שווינדלער, בילבל־מאַכער, שרייט מען — שריי ניט!

יעדער פּאָליטישן, יעדער קאָך־לעפל, יעדער עקספּלואַטאַטאָר און יעדער געלער שמירער אין אַ צייטונג, הייסט מיר האַלטן ס׳מויל. ס׳איז זאָגן זיי, ניט שיין פאַר אידן צו מאַכן טומל, זיי וועלן שוין שרייען פאַר מיר.

הערט אַ געשיכטע: — מ׳רייסט מיר די ציינער און זיי שרייען, אַז איך זאָל שווייגן... מיינט איר, נאָר איצט אַזוי? זינט איך בין גע־קומען צום סייכעל. איר געדענקט דאָך אונזער רעבין אין דער אַל־טער היים, ווען איך פלעג עפּעס פרעגן, וואָס ער האָט מיר ניט גע־קאָנט ענטפערן, האָט ער געגעבן פּעטש און די מאַמע פלעגט מיר זאָגן: „פרעג ניט קיין פראַגעס וועט מען דיר ניט שלאָגן. ביזט אין קיידער זיץ רואיק, שווייג"...

ווען איך בין געקומען אין אַמעריקע און אַריין אַרבעטן אין אַ שאַפּ, האָט מיר מיינער אַן אָנקל אָנגעזאָגט: „גייסט אין שאַפּ אַריין, זיץ־זשע רואיק, אַרבעט און שווייג!"

ווען דער פאָרמאַן האָט מיך דערהערט אויסרעדן אַ וואָרט צו די אַרבעטער, האָט ער זיך צעשריען: „שאַראַפּ! דאָ אין שאַפּ רעדט מען ניט, ווילסט ריידן גיי צו אַ מיטינג". נאָר ווען איך האָב דאָס ער־שטע מאָל ביי אַ מיטינג גענומען אַ וואָרט, האָט מיר איינער פון די ביוראָקראַטן פאַרפאַרן אין די ציין און — איך האָב שוין מער ניט געקאָנט רעדן...

און אַז איך בין איינמאָל אַרעסטירט געוואָרן אויף דער פּיקעט־לאַין, האָב איך גענומען דערקלערן דעם פּאָליסמאַן, אַז איך האָב קיין בייז ניט געטאָן, האָט ער מיר געענטפערט מיט אַ בייזן „שאַראַפּ“! אַפילע אין קאָורט האָט מיר דער ריכטער געזאָגט, אַז אויב איך רעד אַ וואָרט וועט מיך קאָסטן טייערער... מיט איין וואָרט — שווייג! שווייג! שווייג!

וואָס דאַרפט איר מער — אין דער היים, אַז איך גיב אַ זינג אַמאָל ביינאַכט אַ לידל, שרייט מיר אַריין מיין שאָכן: „שווייג“. און אַז איך פרעג מיין לענדלאָרד וועגן סטים און אויספאַרבן די צימערן, זאָגט ער מיר: „שווייג, וועסטו בעסער מאַכן“...

די ווייב הייסט מיר שווייגן, ווייל זי האָט דאָס וואָרט... די קינדער — ווייל זיי האָבן פיינט מיין אַקצענט... און ביי דער סאָסייעטי? — מעגט איר קריכן אַף די ווענט און איר וועט דעם פלאָר ניט קריגן.

איך זאָג אייך, פיל מאָל פיל איך, איך וועל צעפּלאַצט — פאַרוואָס זאָל איך שווייגן?!

נאָר גיי מאַך, אַז זיי, די — מיט די גרויסע מיילער, האָבן פאַרכאַפּט דאָס וואָרט. די קאָלשע קליאַמקע — רעדט פאַר מיר, דער פּאָליטישן — רעדט פאַר מיר, די געלע ציימונג — רעדט פאַר מיר. אַלע רעדן אין מיין נאָמען, און איך? — מיך לאָזט מען אַפילע ניט זאָגן אַ וואָרט.

איר הערט, ווען איך וועל אַמאָל אַזוי ווערן גוט אין קאָס און אַ עפן טאָן דאָס מויל — איך וועל דאַן ניט רעדן, נאָר איך וועל אַזוי אַ געשריי־טאָן: איצט האָב איך דאָס וואָרט! פאַרמאַכט־זשע אייערע פּיסקעס — איר פּיאַווקעס! איצט רעדט אַ שטימע פון פאָלק, און איר? — שאַראַפּ!!

# „אַן די לאַין“

איר קאַנט ניט מיין באָס? האַלוואַי וואָלט איך אים אויך ניט געקאַנט! דאָס איז אַ באָס, אַ הונט מיט אויערן און נאָך שמוציקע, נאָר סייכל האָט דאָס ווי אַ טויטער קראַליק. אַזאַ איינער איז דאָס געוואָרן אַ פּאַר־מאַנופעקטשורער און ביי אים דאַרף איך דאָס אַרבעטן.

אַט אַזאַ מענטש איז דאָס, קיין טאַלאַנט האָט עס ניט, קיין ביל־דונג האָט עס ניט און מענטשלעכקייט? דאָס — —זאָגט ער — איז אַן איינגערעדטע קרענק, ס'איז ניטאָ און מען באַדאַרף דאָס ניט. אַליץ, זאָגט ער, וואָס מען דאַרף יאָ, איז מאַזל און — דאַצאָל!

איך וועל אייך זאָגן דעם עמעס, איך אַליין הויב שוין אויך באַלד אָן גלויבן אין מאַזל. וואָרום אויב אַזאַ מיסטער סקינער קאָן זיין אַ באָס, דאַן איז אַפּאָנים דאָ אויף דער וועלט אַזאַ זאַך ווי מאַזל...

לעצטנס האָט זיך אַפּילע זיין רעדל אַ דריי־געטאָן אויף צוריק און זיין ביזנעס וואַקסט ווי אַ ציבעלע — מיטן קאָפּ אין דר'ערד. אָבער — טײנעט ער — ווידער דאָס איינענע, זעט איר, אַז ס'מאַזל אַרבעט ניט, גייט אַליץ מיט דער פּוטער אַראָפּ.

נייט טאַקע אַרום מיסטער סקינער, ווי אָן אַ קאָפּ. ער האָט שוין זיין שאָפּ — זאָגט ער — געהאַט איינגעשטעלט קימאַט ווי אַ זייגער, אַריינגעגאַנוועט אָווערטאַים, איינגעפירט אַ „קיק־בעק“ אין דער „פּעי“, געמאַכט אַביסל אַרבעט „אױטסייד“, אַריינגענומען אינם שאָפּ עטלעכע „איינענע“... מיטאַמאָל האָט זיך די יוניאָן צו אים אַ נעם געטאָן און געמאַכט אַ סטרייק.

צי דער סטרייק איז אַ דערפאָלג, פרעגט איר? מיסטער סקינער איז איצט געבליבן ניט נאָר אָן „הענט“, נאָר — אויך אָן פיס. טאָג ווי נאַכט לויפט ער איצט אַרום, ער האָט שוין באַלד ניט קיין פיס פון זוכן „הענט“... דערווייל שרייט ער נאָך אַליץ, אַז מיט אַ ווייב מוז מען זיך האַלטן, אָבער ניט מיט קיין יוניאָן.

איין פרימאָרגן קומט ער צולויפן אַ צופרידענער אינם שאָפּ, ווען ער האָט באַגעגנט די סטרייקער מיט די פּלאַקאַטן, האָט ער זיך צע־זונגען:

— איר וועט שוין איצט קענען ביי מיר סטרייקן ביז קאַל־נידרע, און ערשט דערנאָך וועט איר ביי מיר פאַסטן!

וואָס איז געווען זיין סימכע? ער האָט געטראָפן א לאַנדסמאַן מיט עטלעכע טויזנטער, האָט ער אים צוגערעדט צו ווערן א פאַרטנער אין די פאַר־ביזנעס.

דער לאַנדסמאַן האָט ווידער געטראַכט: אויב אזא קראַליק קאָן מאַכן געלט, פאַרוואָס זאָל ער אויך ניט קאָנען? האָט דער לאַנדסמאַן אריינגעבראַכט זיינע טויזנטער, אָנגעטאָן א ווייסן כאַלאַט און זיך גענומען ארומדרייען אינם שאַפּ. האָבן זיךביידע ארומגעדרייט, געקוקט איינער אפן אנדערן און קיין פאַר אָן פאַריער האָט מען ניט געקאָנט מאַכן.

און אז מיסטער סקינערן איז געוואָרן קאַלעמוטנע, האָט ער זיך ווידער ארויסגעלאָזט זוכן פאַריער.

איין טאָג קומט מיסטער סקינער א צופרידענער אין שאַפּ, ער האָט שוין — פרייט ער זיך — סקעבס.

די סקעבס האָבן זיך צעזעצט אין שאַפּ, אָפּגעגעסן א גוטן דינער, פאַררויכערט גוטע ציגאַרן און זיך אוועקגעזעצט שפּילן א פינאָקל.

— וואָס הייסט דאָס? — האָט דער פאַרטנער גענומען טיינען,

— פאַר שפּילן פינאָקל קאָנען מיר דאָך קריגן ביליקערע הענט...

— דיר געפעלט ניט? — האָט מיסטער סקינער געזאָגט, — טאָ שיק זיי אוועק. איך קאָן זיך מיט סקעבס ניט אָנפאַנגען, איך האָב מיט זיי אַן אַגרימענט.

— אַגרימענט אהער, אַגרימענט אהין, — האָט דער לאַנדסמאַן געטיינעט, — דו האָסט זיי געבראַכט, שיק זיי אוועק.

א וואָרט פאַר א וואָרט, די צוויי פאַרטנער האָבן זיך גענומען רייסן, קריגן און שלאָגן זיך, אז ווען די סקעבס צערייסן זיי ניט, וואָלט סקינער שוין געווען אוים באָס, דער שאַפּ אוים שאַפּ און דער לאַנדסמאַן — אָן טויזנטער.

בקיצער, דאָס אוועקשיקן די סקעבס האָט געקאָסט מער ווי דאָס ברייגען זיי.

דאָ איז שוין מיסטער סקינער געוואָרן אין כּאַס און ער האָט זיך גענומען מאַכן ארעסטן, פּרעים־אפּס, — אָבער צו מאַכן פאַר־

קאָוטס איז דאָס אַלץ ניט געקומען.

וואָס וועט זיין דער סאָף, פרעגט איר? מיסטער סקינער זוכט פאַריער און וועט קיין פאַר־מאַנטלען ניט האָבן אַזוי לאַנג ווי זיינע „הענט“ שטייען אויף די פיס... איר ווילט כאַפּן אַ שפּאַציר? קומט אויף דער פּיקעט־לאַין, איר קאָנט אויך זינגען? פיין:

„אָן די לאַין, אָן די לאַין,
אָן די פּיקעט, אָן די פּיקעט־לאַין“.

# בלויז א קלונג אין גלעקל...

אז דאָס געשעפט ביי מוישע וואסערפאַל איז אוועק גוט, האָט ער צום ערשטן מאָל אין לעבן באַשלאָסן ארויסצופאָרן אויף וואקאציע. און אויב שוין פאָרן — האָט ער מיט זיך איינגעטײנעט — איז פאָרן ווי א מענטש.

צווישן די צייטונגס־אַנאָנסן, איז זיין אויג געפאַלן אויף א שיי־נעם פּלאַץ, א זומער־רעזאָרט מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן און דאָרט איז ער אוועקגעפאָרן.

ווי גיך מוישע וואסערפאַל איז פאַרפאָרן צום האָטעל, האָט ער א וואָרף געטאָן זיין בליק אויף דעם שיינעם פּלאַץ מיט'ן רויטן דאַך און דעם גרינעם ארום, און באַלד דערפילט, אז ער ווערט גרעבער ווי לענגער.

דער בעל־באַי מיט די גאָלדענע לאַמפּאַסן אויף די הויזן, האָט אים מיט דעם טשעמאָדאַן, גלייך ארייננעפירט אין א צימער אפן צווייטן שטאָק, אים אָנגעוויזן וואו עס געפינט זיך זייף, האַנטיכער, א גלאָז, דאָס וואַש־צימער, דער טעלעפאָן און אַנדערע נויטיגע זאַכן. ער האָט אים דערביי אָנגעוויזן אפן טעלעפאָן און צו אים ווי א וואונק געטאָן: „דאָ אין האָטעל קריגט מען פון אַלץ אין דער וועלט, וואָס דאָס האַרץ גלוסט. איר דאַרפט מיר בלויז געבן א קלונג אין טעלעפאָן און — איר קריגט גלייך“...

ביי מוישען האָט זיך באַוויזן א שמייכל אפן פּנים. ער האָט געפילט ווי אויסצעשרייען אין דער הויך: אז מ'צאָלט געלט, איז ווערט געלט — אַלץ פאַר 50 דאָלאַר א וואָך!

ווי גיך מוישע האָט זיך ארומגעוואַשן, זיך אביסל אָפּגערוט פונם וועג, האָט ער גלייך א קלונג געטאָן אין טעלעפאָן, געהייסן ארויפ־ברייננען סיגאַרעטס.

אין צוויי מינוט ארום, איז שוין דער בעל־באַי געשטאַנען מיט א טאַץ אויף דער האַנט אַנטקעגן מוישען און אַלערליי סיגאַרעטס זיינען געלעגן פאַר אים אויסצוקלייבן.

פאַררויכערענדיק א סיגאַרעט האָט זיך מוישע אוועקגעזעצט אפ'ן וויג־שטול, און מאַכענדיג רויך־קייקעלעך אין דער לופטן, האָט ער

באשלאָסן צו זען, אויב מ׳ברענגט אויך אַזוי גרינג ציגאַרן? ער האָט אַ נעם געטאָן דעם טעלעפאָן, אָנגעקלונגען און מאַיסע־דזשענ־טעלמאַן אַ זאָג געטאָן: „זעקס ציגאַרן, פּליז, נאָר גוטע".

אין אַ פּאָר מינוטן איז ווידער געשטאַנען דער בעל־באַי, און מוישע האָט געשמעקט און געקליבן ציגאַרן, וואָס זיינען געלעגן פאַר אים אַפ׳ן טאַץ.

מוישע האָט ווידער אויפגעשריבן זיין נאָמען אויף אַ צעטעלע וואָס דאָס באָכערל האָט אים אונטערגערוקט, ווי שטענדיק, האָט דער בעל־באַי זיך פאַרנויגט און מוישע האָט שוין פאַררויכערט אַ ציגאַר.

נאָך איידער ער האָט זיך צעשפּילט מיט׳ן רויך פונ׳ם ציגאַר, האָט זיך דערהערט אַ קלונג פונם קיך, וואָס האָט אָנגעזאָגט די געסט, אַז ס׳איז מיטאָג־שטונדע.

האָט משה זיך אַ וויש געטאָן די ליפּן און דערביי אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין: „אויב שוין יאָ אַזוי, טאָ לאָמיר טאַקע נעמען אַ פלע־שעלע בראָנפן צו פאַרבעסערן דעם אַפּעטיט". האָט ער ווידער אַ קלונג געטאָן, געגעבן אַן „אָרדער" און דער בעל־באַי האָט זיך גלייך ווי־דער פאַרנויגט מיט אַ פלעשעלע שנאַפּס אַפ׳ן טאַץ.

מוישע האָט ווידער אויפגעשריבן זיין נאָמען און זיך גענומען מאַכן „לעבאים".

זיצנדיג ביים טיש, האָט דער צערעמאָניע־מייסטער אָנאָנסירט, אַז יעדער איינער פון די געסט קאָן צושיקן זיין נאָמען מיט אַן אָר־דער צו די מוזיקער, און זיי וועלן שפּילן לויט זיין פאַרלאַנג.

מוישע האָט גלייך צוגעשיקט אַ צעטעלע און געגעבן אַן אָרדער פאַר אַ האָפּקע, דערנאָך פאַר אַ צווייטער זאַך.

ווען מוישע איז נאָכ׳ן מיטאָג אַרויפגעקומען צוריק אין צימער אַריין, האָט ער זיך אויסגעצויגן איבער׳ן שיינעם בעט און ליגענדיג מיטן גראָבן ציגאַר אין מויל, האָט ער באַמערקט אַן אויפשריפט אַפ׳ן טיר, וואָס האָט געמאָלדן, אַז די געסט קאָנען דאָ קריגן אַ מאַסאַזש, אַ מאַניקיור, אַ באַרבער און אַ נוירס — בלויז אַ קלונג אין טעלעפאָן.

מוישע האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן פונ׳ם בעט און גלייך געלאָזט וויסן דורכן טעלעפאָן — ער וויל אַ מאַניקיור.

דער בעל־באַי האָט אַן עפן געטאָן די טיר, זיך פאַרנויגט, פאַר־געשטעלט אַ שיינע בלאָנדינקע, זיך ווידער פאַרנייגט און איז אַליין אַרויס.

די שיינע בלאַנדינקע האָט מיט צערטלעכקייט גענומען מוישעס האַנט און איר געלעגט, געשאָרן, געריייניגט זיינע נעגל און געטוליעט זיין האַנט צו זיך.

אין אָוונט, ווען מוישע איז אַרויס אויף דער ווערענדע, האָט ער זיך ניט געקאָנט אָפּלויבן פאַר די אַנדערע געסט, ווי פיין מ'ווערט דאָ באַהאַנדלט אינם האָטעל. ער האָט געהאַלטן אין איין איבער־כאַזערן די ווערטער: „אַז מ'צאָלט געלט — איז ווערט געלט".

די געסט האָבן געקוקט אויף דעם נייעם יאָלד און זיך איבערגע־וואָרפן מיט בליקן.

אַזוי אויך אויפ'ן צווייטן טאָג און אַלע טאָג פון דער וואָך האָט מוישע ווידערהאָלט זיינע „אָרדערס" — דורך אַ קלונג אָפּ'ן טעלעפאָן. ער האָט געהאַלטן אין איין באַוואונדערן דעם האָטעל און ספּעציעל דעם טעלעפאָן, וואָס פאַר אַ גאָלדענער טעלעפאָן דאָס איז.

נאָך צוויי וואָכן פאַרברייינגען, האָט ער גענומען זיך פּאַקן די זאַכן און געזעגענען זיך מיט די געסט.

מיטאַמאָל האָט ער דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר. עס האָט זיך באַוויזן דער בעל־בּאַי מיט די גאָלדענע לאַמפּאַסן אויף די הויזן. ער האָט זיך פאַרנויגט, האַלטנדיג דערביי די שיינע זילבערנע טאַץ, אויף וועלכער עס איז געלעגן אַ צעטעלע, אַז מוישע וואַסערפּאַל איז שולדיק 98 דאָלאַר מיט 75 סענט. צו דעם „ביל" זיינען אויך געווען צו־געשפּיליעט מוישעס אַלע אונטערשריפטן פאַר די אָרדערס פון צוויי וואָכן צייט.

מוישע האָט צעשראָקן אַ וואָרף געטאָן זיין בליק אָפּ'ן „ביל" און ווי ניט מיט זיין קאָל אַ געשריי געטאָן: „דאָס האָב איך דאָך ניט געאָרדערט!"...

דער בעלבּאַי האָט ווי שטענדיג זיך פאַרנויגט און אַ זאָג געטאָן: „ווען איר וועט האַלטן אין פאָרן, גיט אַ קלונג, וועל איך קומען נע־מען די זאַכן. דעם ביל — וועט איר אונטן אַליין באַצאָלן"...

מוישע האָט זיך בייז גענומען בייסן די מאַניקיורטע נעגל, ער האָט אַכאַפּ געטאָן דעם טעלעפאָן און געוואָלט פרעגן — פאַרוואָס אַזאַ גרויסער טעלעפאָן ביל?... ער האָט שוין אָבער מורא געהאַט צו זאָגן נאָך אַ וואָרט דורכן טעלעפאָן, און געברעדט האָט ער שוין צו זיך: מיינע פאַרגעניגנס!... נאַדיר פלעזשור!

# „סיליוויזיישאָן"

(אַ מאָנאָלאָג פון אַ לענדלאָרד)

. . . איר מעגט מיך רופן „קאָנסוירוועטי", „אַלד פעשאָן", אָדער אפילע, ווי איר זאָגט, רע־אַק־ציאָנער, דאָך האַלט איך ניט פון טווענטי סענטשורי מיט איר גאַנצע סיליוויזיישאָן, ווי זאָגט איר—ציוויליזאַציע? „סילי"! דאָס אַליין איז אויך אַ שטיק סיליוויזיישאָן.

ווער דאַרף דאָס די נייע פאַראַנדקעס? די אַלע אויסטראַכטע־נישן אַף דער וועלט? אַט זעט איר דאָך אַליין, אַז מ'האָט געלעבט די אַלע יאָרן אָן די אַלע זאַכן. איך ווייס, מיין זיידע, האָט ניט געהאַט קיין ברעקל סיליוויזיישאָן, און האָט אריינגעלעבט פיר און נײַנציק יאָר, און איצט מיט סיליוויזיישאָן, מיט אַלעמען, בין איך ערשט אַ זעכציקער און שוין קאַפוט. מיין ווייב זאָגט מיר, ס'איז שוין צען יאָר, ווי איך בין נע־ַבע, נע־מע, נע־קור־קע־דרו־קו, אַ ליולקע — אָן טאַבאַק . . . דעם עמעס געזאָגט, איז זי טאַקע גערעכט, אַט בין איך ערשט אַפן צווייטן בלאָק צו קאַלטען רענט, און ס'איז מיר שוין קורץ דער אָטעם.

צי איך דאַוון נאָך, פרעגט איר? נאַדיר, אַזוי אַלד־פעשאָן זאָל איך נאָך זיין, אָבער איך זאָג אייך דעם עמעס, אַ סאַך מאָל בייַנקט זיך מיר נאָך דעם אַלד־יוראָפּ סטייל. מ'האָט טאַקע געדאַוונט, גע־קלאַפּט זיך אין הארצן, זיך אויסגעוויינט, איז טאַקע געוואָרן אַביסל גרינגער אַפן הארצן. איצט, דאַנקען גאָט, איך האָב ניט אַף וואָס צו וויינען, איז מיר טאַקע שווער אַפן הארצן . . .

וואָס דיינקט איר, לעמאַשל, איז דען געווען ריכטיק, וואָס מ'האָט אַרונטערגעוואָרפן דעם רוסישן קייזער? איך זאָג אייך, ווען ער לעבט וואָלטן די רויטע ניט געווען אַזעלכע קנאַקערס און געלאַכט פון אַלעמען. טאַקע דאָס אַליין באַווייזט, וואָס סיליוויזיישאָן איז, — ס'איז ביי זיי ניטאָ קיין גאָט, ניטאָ קיין קייסער, ניטאָ קיין פּאַרעץ, ניטאָ קיין באָס, אַלבעטשע, ווען מיינע צוויי בלאָק הייזער זיינען דאָרטן, ביי זיי, וואָלט איך קאָלעקטעט צאָרעס, ניט קיין רענט.

נו, לאַכט איר פון מיר, וואָס איך בין אַ קאָנסערוועטי, דערווייל גאָט־צו־דאַנקען, קלאַפּ איך ביי אייך אין טיר פאַר רענט און ניט

איר ביי מיר. אָט, האָט אייער נעקסטדאָריקער געהאָט א גרויס מויל, האָב איך אים מיט זיין גאנצע סיליוויזיישאָן ארויסגעשטעלט אין סטריט. א נו, זאָל ער פּרובירן מיך ארויסשטעלן?

צי איך האָב א מאשין? ס׳הייסט, מ׳קאָן דען אין א סיליוויזיישאָן זיך באגיין אָן דעם? דעם עמעס געזאָגט, איך אליין טרייב ניט די מאשין, איך האָב פיינט איינשטעלן מיין לעבן אין דער סיליוויזיישאָן, נאָר אזוי ווי דער שאָפער וויל היטן זיין לעבן, מוז ער אזוי שוין אויך היטן מיין לעבן, איר פארשטייט?

נעמט צום ביישפּיל אזא זאך: ביי מיר אין הויז אין פאראן די גאנצע סיליוויזיישאָן, ווי זאָגט איר, א הויז מיט אימפּרואוומענטס — לאָמפּן מיט לעמפּלעך, מיט אינסינירייטאָרס, מיט פּרידזשעדירס, מיט אלערליי אויוונס, צום באקן און צום בראָטן, צום וואשן און צום פּרעסן, דערצו א ראדיאָ, א פאָנאָגראף, א טעלעפאָן; איצט האָט מען מיר שוין ארייגעבראכט פון די סאמע ערשטע פון דעם נייעם קונץ, ווי זיי רופן דאָס, א טעלע... יאָ, א טעלעוויזיישאָן... אָט דאָס וואָס מ׳קאָן זען ביי זיך אין הויז, וואָס עס טוט זיך ביי יענעם אין טעפּל...

ווי אזוי, זאָגט איר, הייסט דאָס? טעלעוויזשע, איר זעט דאָך, אפילע דער נאָמען איז א שטיק סיליוויזיישאָן, איז אָט אזוי ווי איר זעט, האָט מען מיר אָנגעשטעלט א פולע הויז מיט קאסטנס און קעסטלעך און אלץ מיט עלעקטרישע דראָטן, און אוואו איך גיב זיך א קער — איז קנעפּלעך, קנעפּלעך און קנעפּלעך. גלויבט מיר, מיין הויז איז עפּעס נאָר ווי אן עלעקטריק־טשער, איך ציטער פּאָשעט פאר די ווענט...

איך זאָג אייך דעם עמעס, ווען מיין ווייב וואָלט גערדארפט האלטן אין איין קוועטשן די אלע קנעפּלעך, ווער ווייסט וואָס פאר א צאָרע זי וואָלט זיך אָנגעקוועטשט. נאָר גאָרניט, ס׳איז פאראן א דינסט אין הויז, זי וויל זיך באדערן מיט סיליוויזיישאָן, זאָל זי. נו, איז אָט־אזוי, ווי איר זעט א גאנצן טאָג, קוועטשט זי די קנעפּלעך און איך — צאָל די עלעקטריק בילס, ס׳איז א סילי וועלט זאָג איך אייך.

איר זאָגט דאָס, האָט מען ווען געהערט אין יענע יאָרן אז טענענטס, ביליקע טענענטס, וואָס האָבן ניט די רענט צו דער צייט, זאָל זיך ווען הייסע וואסער, שאָוערס, אף די פענצטער אזעלכע פארהאנגען, וואָס די זון קאָן יאָ ארייקוקן צו דיר אין צימער און א שאָכן ניט. און נאָכדעם אלעמען, מאכן זיי א טענענט־יוניאָן, און

אויב מ׳גיט זיי ניט נאָך, פּיקעטן זיי און שרייען — ווי די גאַנצע סיליוויזיישאַן וואָלט שוין געלעגן ביי זיי אין קעשענע.

איר האָט שוין געווים באַמערקט אַפּן צווייטן בלאָק ווי מענער מיט ווייבער גייען אַהין און צוריק מיט סיינס, ווי ס׳וואָלט זיין אַן ערשטער מאַי אויף זייער קאָפּ. דאָס סטרייקן זיי טאַקע מיט מיר. און פּאַרוואָס מיינט איר? פּאַר אַ קלייניקייט: איך דאַרף אַף יאַנטעוו זיי פּיינטען די רומס. טראַכט איך, אַז קיין סאַך רעיזן קאָן מען ניט, האָב איך זיי שוין, טאַקע איצטער, געהעכערט צו איין דאָלאַר אַף אַ צימער.

נו, וואָס ווייסט איר, וואָס איך שטיי זיך אויס, זיי לאָזן מיך דאָך ניט דורך אַ גאַס. הערט אַן איינפּאַל פון לאַבוסעס: זיי סטרייקן אָט־אָ־דאָ — אין צווייטן בלאָק. פּאַלט זיי גאָר איין צו קומען פּי־קעטן אויך מיין היים אין בּאָראָ־פּאַרק.

טאַינע איך צו זיי, אויב איר סטרייקט אַף אייער בלאָק, וואָס האָט איר צו פּיקעטן אַף מיין בלאָק? לאַכן זיי זיך אויס, גייען אַרום און זינגען ווי זיי וואָלטן געגאַנגען אַף אַ הייק...

איך האָב שוין גראַדע פּרובירט רעדן מיט זייער הויפּט־מאַכער־קע, אַ אידענע. איך זאָג אייך, ס׳איז געהענים, עס ברענט די ערד אונטער איר. רעד איך צו איר און דערקלער איר, נאָך אַלע־מען, זאָג איך, דאַרפט איר כאָטש האָבן אָפּשיי פּאַר מיינע גרויע האָר.

זאָגט זי מיר אַזוי: איך האָב אין הויז אַ גרויע קאַץ, איז ווען זי וויל עפּעס אַ נאַש טאָן, קריגט זי אַ זעץ איבער די וואָנצעס... איר פּאַרשטייט כאָטש, וואָס זי האָט מיר דאָ נעזאָגט? דאָס האָט איר טווענטי סענטשורי מיט דער סילי סיליוויזיישאָן...

איר זיינט טאַקע גערעכט, לאָמיר רעדן פון פרייל־עכערע זאַכן, סאיז ווי איר זאָגט, מקאָן זיך היינטיקע צייטן פון סיליוויזיישאָן ניט ארויסדרייען.

אמאָל, אין די אינגערע יאָרן האָב איך שטענדיס מיינע בוכקי־פּערנס פּיין באַהאַנדלט, געגעבן זיי אַ קריסטמעס־פּרעזענט און גע־שיקט זיי ניו־איערס־קאַרדס, און אַז איך בין אריינגעקומען אין אָפּיס אָדער אַוועקגעגאַנגען, האָב איך זיי שטענדיק אַ קוש געטאָן, יו־סי, אַ פּליינעם קוש. אָבער אַזוי ווי קיין סיליוויזיישאָן איז נאָך דאַן ניט געווען, איז אַלץ אַוועק שאַ שטיל. אָבער איצט...

אַנומעלטן, איך קום אריין אין הויז, די דינסט האָט נאָך ניט

געהאַט אָוועקגענומען מיין שטעקן און קאָוט, נאָר מיין ווייב צע־עפנט דאָס אַ מויל אַף מיר:

— אין הויז, זאָגט זי, ליגסטו ווי אַ טעמפּער מעסער, ניט צום שניידן, ניט צום בראָקן, נאָר אין אָפּים מיט דער בוכקיפּערן, ווערסטו ווי אַ הייסע סוויט־פּאָטייטע. שוין זיך אויך גענומען קושן מיט די בוכקיפּערנס?

בלייב איך שטיין אַזוי ניט־מיר ניט־דיר און פּאַנג אָן בעבען.

צעשרייט זי זיך: בעבע ניט, די סיליוויזיישאָן ליגט נאָך ביי דיר אַף די באָקן... נו, זאָגט־זשע אַליין, איז דאָס ניט סילי?

איר פאַרשטייט שוין, אַמאָל איז ניט געווען קיין סיליוויזיישאָן, און ס'איז ניט געווען קיין ליפּ־סטיקס, איצט אָבער איז די סיליווי־זיישאָן אַ געפאַר, — אין אָפּיס טאָר איך זיך ניט צורירן צו דער בוכקיפּערן, אין הויז — ציטער איך פאַר די ווענט...

גלויבט מיר: אַמאָל ווער איך אַזוי אין קאָס אַף דער סילי־וויזיישאָן, אַז איך פיל ווי זיך אַריינצוזעצן אין אַ עראָפּלאָן און אוועק־פליען אין סטאַמבול אַריין, און אַז ניט, איז באָטש נעמען די מאַשין מיטן טריילער, אַוועקפאָרן אין פלאָרידאַ און גוד־באַי סיליוויזיישאָן...

נאָר פאַרקערט רעדנדיק, אויב שוין יאָ אַ סיליוויזיישאָן, פאַרוואָס טראַכט מען ניט אויס עפּעס אַזאַ מאַשינקע, אַזאַ מין סקעיל, אַז ווען אַן אַרבעטער קומט אַריין אין אַ שאַפּ אָדער מופּט אַריין אין רומס, זאָל מען קאָנען אַריינוואַרפן אַ פעני אָדער אַ ניקל און זען, וואָס פאַר אַ מענטש דאָס איז, צי ניט קיין טראָבל־מאַכער, צי קאָן ער צאָלן רענט אין צייט? איר פאַרשטייט?

וואָס זאָגט איר? איר האָט שוין אַזאַ מאַשינקע און אָן אַ פעני ווייסט איר שוין, אַז איר האָט ניט קיין רענט פאַר מיר... אָט האָסטו דיר, מיינע גליקן, נאַדיר סיליוויזיישאָן... ס'איז אַ סילי וועלט, זאָג איך אייך!...

# אינהאַלט:



פאָדערבלאַט געצייכנט — פון כאַים מאַרגאָליס דאַווידזאָן